# דער יוד

# (DER JUDE)

צייטשריפט

## פיר אלע יודישע אינטערעסען.

ערשיינט יעדע וואך.

פערלאג: חברה „אחיאסף“.

דער פרייז פיר רוססלאנד:
גאנץ יאהרליך —.5 רוביל.
האלב יאהרליך —.3 רוביל;
פיערטעל יאהרליך 1.50 רו"ב.
מען קען אויך אויסצאהלען אין 3 ראטען:
ביים אבאנירען — 2 רוביל
דען 1טען אפריל — 2 „
דען 1טען אויגוסט — 1 „

איינצעלנע נומערן 15 קאפ. — 30 העלער.

אבאנאמענטס פרייז יאהרליך:
אסטרייך-אונגארן —.12 קראנען.
האלביאהריג —.6 „
פירטעליאהריג —.3 „
דייטשלאנד —.10 מארק.
ארץ ישראל —.12 פראנק.
אנדערע לענדער —.15 „
אמעריקא, ענגלאנד—.10 שילינג.

פרייז פון מודעות (אנצייגען):
פיר יעדער קליינע שורה פעטיט 20 העללער, 25 פפעניג, 10 קאפ.

Krakau. 28 Feber 1901. נומר 9. קראקויא, אדר תרס"א.

# פורים-נומר.

## אינהאלט.



ה. תרס"א ← וואכענ־קאלענדער (לוח) ← 1901

| די טעג פון חודש | די טעג פון וואך | אדר מערץ־מארזעץ | נייער ס. מערץ | אלט. ס. פעוור. |
|---|---|---|---|---|
| י"ב | זונטאג | | 2 | 18 |
| י"ג | מאנטאג | תענית אסתר. | 3 | 19 |
| י"ד | דינסטאג | פורים. | 4 | 20 |
| ט"ו | מיטוואך | שושן פורים. | 5 | 21 |
| ט"ז | דאנערס. | | 6 | 22 |
| י"ז | פרייטאג | | 7 | 23 |
| י"ח | שבת | שבת כי תשא. | 8 | 23 |

### קורצע פערצייכנונגען פון דער יודישער געשיכטע.

| טאג | יאהר | |
|---|---|---|
| י"ב | — | איז בענייעט געוואָרען דער בית המקדש פון הורדוס. |
| י"ג | ג תקצ"ג | האט יהודה המכבי בעזיעגט דעם חיל פון ניקנור. |
| י"ד | ה שכ"ב | דער פאפסט פיוס IV. ערלויבט יודען האנדלען און בויען שוהלען. |
| „ | היתר"כ | געגרינדעט די „אליאנץ איזראעליט“ אין פאריז. |
| ט"ז | התקס"ו | געשטאָרבען אין ווילנא הג' ר' יהודא ליב הכהן. |
| י"ז | התקפ"ו | „ דער בדקדק ר' וואָלף הײדענהיים. |
| „ | התרי"ד | „ הג' ר' חיים דאווידזאָהן רב אין ווארשא. |
| י"ח | התקל"א | „ הר"ר דוד ברלין רב אין די קהלות אה"ו. |
| „ | ה תר"ג | „ הג' ר' שלמה זלמן טיקטין רב אין ברעסלוי. |

## צו אבאָנירען:

אין קראקא:

Administration „DER JUDE“, Krakau, Gertrudy 19.

אין ווארשא:

Verlag „Achiasaf“, Warschau, Postkiste Nr 25, mündlich: Twarda 6, Thür 4.

אין וויען:

E. Torczyner, Wien II. Krumbaumg. I.

אין לאדז, ביי אונזערעם פערטרעטער:

S. Hochberg, Lodż, Cegielnianastr. 36.

דער „יוד“ איז אויך איינגעטראגען אין דער צייטונגספרייזליסטע דער ק. ק. עסטרייכישען פאָסט אונטער דער נומער.



---

III. Jahrgang. **DER JUDE.** Nr. 9

דער פּרייז פֿיר רוססלאנד:
גאַנץ-יאָהרליך —.5 רוביל.
האלב-יאָהרליך —.3 רוביל.
פֿירטעל-יאָהרליך 1.50 רוביל.
מען קען אויך אויסצאהלען אין 3 ראטען:
ביים אבאנירען — 2 רוביל
דען 1טען אפּריל — 2 "
דען 1טען אויגוסט — 1 "

ענדערען די אדרעססע קאסט 20 קאפּ.

# דער יוד

ציישריפֿט
## פֿיר אלע יודישע אינטערעססען.
ערשיינט יעדע וואָך.
פֿערלאג: חברת „אחיאסף".

אבאנאמענטס פּרייז יאהרליך:
אסטרייך-אונגארן —.12 קראָנען.
האלביאָהריג —.6 "
פֿירטעליאָהריג —.3 "
דייטשלאַנד —.10 מארק.
ארץ ישראל —.12 פֿראנק.
אנדערע לענדער —.15 "
אמעריקא, ענגלאנד —.10 שילינג.

פּרייז פֿון מודעות (אנצייגען):
פֿיר יעדע קליינע שורה פּעטיט 20 העלער, 25 פּפֿעניג, 10 קאפּ.

Erscheint Donnerstag.

**Krakau**, 28. Feber 1901. נומר 9. קראָקויא, אדר תרס"א.

## פּוּרִים.

פֿון אלטע, אלטע צייטען דערמאַנט אונז פּורים, ווען די יודען האָבען שוין געהאַט הינטער זיך אַ לאַנגע געשיכטע... זיי האָבען שוין געהאַט איבערגעלעבט אַ לאַנגע גליקליכע צייט פֿון פֿרייהייט און דאָס אומגליק פֿון דעם ערשטען חורבן, וואָס האָט זיי צושפּרייט און צורוואָרפֿען איבער פֿערשידענע לענדער פֿון אַזיען און אפֿריקאַ. דער גרעסטער טהייל יודען האָט געוואָהנט אין דער גרויסער מעכטיגער פּערזישער מלוכה, וואָס האָט זיך אויסגעצויגען פֿון הודו אין מזרח־אַזיען ביז כּוּש אין דרום פֿון מצרים אין אַפֿריקאַ. הונדערט זיבען און צוואָנציג מדינות האָבען געטראָגען איבער זיך די הערשאַפֿט פֿון די מלכים פֿון פּרס, פֿעלקער מיט פֿערשידענע שפּראַכען, מיט משונה'דיגע גלויבענס און מנהגים האָבען זיך געבויגט פֿאַר דעם פּערזישען טראָן, און די פּערזישע מלכים, ווי עס דערצעהלען אונז די אַלטע דאָקומענטען, האָבען פֿריינדליך בעהאַנדעלט אַלע פֿעלקער פֿון זייער מלוכה און געשעצט די פֿערשידענע אמונות. און דאָך איז עס מעגליך געווען, אַז אין אַזאַ מלוכה, וואָס איז צוזאַמענגעזעצט געוואָרען פֿון פֿערשידענע פֿעלקער, וועלכע האָבען איינע די אַנדערע ניט געקענט און ניט פֿערשטאַנען, זאָל אַרויסטרעטען אַ שׂנאה צו יודען, אַ שׂנאה אָהן אַ גרענעץ און אָהן אַ מאָס. פֿאַר וואָס האָט זיך די שׂנאה געווענדט נור געגען יודען? אויף דעם געפֿינען מיר אַ תשובה אין די ווערטער, וועלכע המן האָט געזאָגט מיט דריטהאַלבען טויזענד יאָהר צוריק: די יודען זענען אַ אָבגעזונדערט פֿאָלק, וואָס טהיילען זיך אָב פֿון אונז דורכ'ן גלויבען און מנהגים. אמת, די יודען זענען געווען ניט דאָס איינציגע פֿאָלק אין פּרס, וואָס איז געווען אָבגעזונדערט אין גלויבען און אין די מנהגים, אָבער די שׂנאה האָט זיך ניט געקענט ווענדען געגען אַנדערע, ווייל איטליכעס פֿאָלק האָט געוואָהנט אין אַ אָבגעזונדערטען אייגענעם לאַנד, און נור די יודען זענען געווען דאָס איינציגע פֿאָלק, וואָס האָבען ניט געהאַט קיין בעזונדער אָבגעטהיילט לאַנד און געוואָהנט, נאָך המן'ס ווערטער, צושפּרייט צווישען אַלע פֿעלקער פֿון פּרס אין פֿערשידענע לענדער; זענענדיג צוריסען אויף שטיקער, זענען די יודען גייסטיג געווען צו שטאַרק, זיי זאָלען זיך קענען צוזאַמענשמעלצען מיט אַנדערע און זיך בויגען פֿאַר אַנדערע נעצענדינערישע און וועניג געבילדעטע פֿעלקער. אומעטום אין יעדען לאַנד זענען די יודען געהאַלטען געוואָרען פֿאַר פֿרעמדע, וואָס האָבען געלעבט ניט ווי אַלע, געגלויבט ניט ווי אַלע — און דאָס אַליין איז גענוג געווען, מען זאָל טאַקי די יודען בעהאַנדלען ניט ווי אייגענע, ניט ווי גלייכע מענשען; די אונצופֿרידענהייט געגען איין איינציגען יודען איז גענוג געווען צו ערוועקען שׂנאה געגען דעם גאַנצען פֿאָלק, די קלענסטע זייטיגע סבה האָט געקלעקט אום אונטערצוגראָבען די ערד, אויף וועלכער די יודען זענען געשטאַנען. המן'ס כעס אויף מרדכי'ן האָט געקענט ברייגנען צו אַזאַ גרויסער סכנה פֿאַר דאָס גאַנצע פֿאָלק נור דערפֿאַר, וואָס זיין פֿערלאַנג אויסצוראָטען אַלע יודען האָט געשטימט מיט די געפֿיהלען פֿון אַלע פּערזישע פֿעלקער. אין דער געשיכטע פֿון פּורים זעהען מיר דאָס ערשטע בעווייזען זיך פֿון אַנטיסעמיטיזם און אין המנ'ען זעהען מיר דעם ערשטען בעוואוסטען אַנטיסעמיט אין דער געשיכטע. פֿון יענער צייט אָן איז המן געוואָרען דאָס פֿערקערפּערטע בילד פֿון אַנטיסעמיטען איבערהויפּט, ווייל אַלע אַנטיסעמיטען פֿון די שפּעטערדיגע דורות זענען נור געוועזען אָבבילדונגען, קאָפּיעס פֿון דעם פּערזישען מיניסטער. די לאַגע, אין וועלכער די יודען זענען געווען צו המן'ס צייטען אין פּרס, האָט זיך דערנאָך ניט איין מאָל איבערגעחזר'ט אין אַלע לענדער פֿון דער וועלט, וואו די יודען האָבען זיך בעזעצט — און וואו נאָר זענען די יודען פֿון יענער צייט אָן ניט אויסגעוועזען? יעדער דור האָט געהאַט זיינע המן'ס און יעדע צייט האָט געהאַט דיזעלבע רדיפֿות ווי אין פּרס. המן'ס ווערטער זענען ניט פֿערגעסען געוואָרען, זי האָבען מיר דערנאָך געהערט אין אַלע לשונות פֿון דער וועלט: פֿרעמדע זענט איהר ביי אונז, אויסגעראָט דאַרפֿט איהר ווערען, אָדער געהט פֿון דאַנעט ווייטער, וואוהין איהר ווילט, נאָר אַוועק פֿון אונזער לאַנד! אָבער ניט אומעטום איז געווען אַזוי שרעקליך דאָס אומגליק און ניט אומעטום איז געווען אַזוי וואונדערבאַר די רעטונג. און דערום קענען מיר זאָגען, אַז האָטש פּורים איז אַלט, זעהר אַלט, איז ער דאָך צו גלייכער צייט אויך תמיד ניי. אין די ווערטער פֿון דער מגילה לייגען מיר תמיד אַריין די געפֿיהלען פֿון איבערגעלעבטע און נאָך ניט פֿערגעסענע צייטען, וועלכע לעבען ביי אונז מיט דער גאַנצער פֿרישקייט פֿון זייערע פֿאַרבען.

פֿאַר וואָס אָבער חזר'ן זיך אַזוי אָפֿט איבער אונזערע אומגליקען און פֿאַר וואָס שטעהען אויף אין יעדען דור אַלץ נייע המן'ס, וואָס קומען געגען אונז מיט דיזעלבע ווערטער, וועלכע מיר לייענען אין דער מגילה שוין פֿון צוועהנדליגע הונדערטער יאָהרען? איז עס

אפשר א ווילדער צופאל, וואס עס געפינען זיך אפט איינצעלנע מענשען, וועלכע האבען פיינט יודען און העצען אן נעגען זיי גאנצע פעלקער? די געשיכטע ווייס אבער איבערהויפט ניט פון צופעליגע נעשעהענישען, אלסדינג אין לעבען קומט נור דורך א געוויסע סבה, און דיזעלבע געשעהענישען, וואס חזר'ן זיך איבער אין פערשידענע לענדער ביי פערשידענע פעלקער, ווייזען טאקי, אז אין דער שנאה צו יודען ליגט א טיפע אורזאכע, וועלכע מיר קענען געפינען נור אין דעם, דאס די יודען זענען אומעטום פרעמדע. גענען פרעמדע שווייגען אומעטום די בירידערליכע געפיהלען, געגען פרעמדע האט מען אומעטום א גאנץ אנדערען שולחן ערוך. די שולד פון אונזערע טויזענד יעהרינע צרות און רדיפות ליגט ניט אין דער שלעכטסקייט פון די פעלקער, צווישען וועלכע מיר לעבען, נאך וועניגער ליגט די שולד אין אונז, דען מיר זענען ניט ערגער פון אונזערע שכנים און מיר זענען ריין פון אלע בלבולים, וועלכע די שנאה שרייבט אונז צו, נאר אונזער בעזונדער לאגע פון פרעמדע, פון נעסט — און נעסט ניט געבעטענע — זי איז שולדיג אין די שטענדיגע רדיפות געגען אונזער פאלק זי צינדט אן ביי יעדער קלענסטער געלעגענהייט א פייער פון שנאה געגען אונז.

וועלען זיך נאך פיעל מאל אין אונזער לעבען איבערחזרן די רדיפות, וועלען נאך פיעל מאל אויפשטעהן געגען אונז נייע המן'ס, — דאס וועט אבהייננען נור פון דעם, אויב מיר וועלען אויך ווייטער בלייבען ווי פרעמדע צווישען אייראפעאישע נאציאנען, אדער אויב דורך דאס אנשטרענגען פון אלע כוחות, צו וועלכע אונזער פאלק איז נור פעהיג, וועט אונז זיך איינגעבען צו שאפען א אייגען לאנד, וואו מיר וועלען אויפהערען צו זיין פרעמדע און וואו מיר וועלען קענען פריי און אונגעשטערט זאמלען נייע קרעפטען און ווייטער וואקסען און בליהען.

י. ל.

---

## פַּרְשַׁנְדָּתָא האט זיך אבגעריסען פון דער תְּלִיָּה!

"גלויבט ניט אין די מַעֲשֶׂה־ביכליך", זאגט א אמעריקאנישער שרייבער, "זיי דערצעהלען אייך נור דעם האלבען אֱמֶת, דעם שענעם אמת; די אנדערע העלפט פון דער מעשה, דעם מיאוס'ען סוף בעהאלטען זיי פון דעם לעזער, דערום גלויבט ניט אין די מעשה־ביכליך!"

פערלאזט זיך ניט אויף די מעשה פון מָרְדְּכַי מיט אֶסְתֵּר'ן, זאג איך, דען די מְגִלָּה דערצעהלט אייך דעם האלבען אמת, דעם מיאוס'ן סוף פון דער מעשה זאגט זי אייך ניט אויס.

אין דער מגילה ענדיגט זיך די מעשה פון אסתר און מרדכי מיט א פּוּרִים, מיט א פרעהליכס, מיט א הוליאנקע. מרדכי ווערט א מִשְׁנֶה לַמֶּלֶךְ און אלע יודען זינגען און טאנצען: שׁוֹשַׁנַּת יַעֲקֹב צָהֲלָה וְשָׂמֵחָה.

דאס איז אבער נאך ניט דער סוף. הערט זיך צו וואס די ארויסגעגראבענע פארמעטען דערצעהלען ווייטער.

פַּרְשַׁנְדָּתָא דער איינציגער זוהן פון המן'ען וועלכער האט געוואויגען א פוד זעקס איז ניט דערהאנגען געווארען. די שטריק האט ניט געקענט אויסהאלטען די שווערע מַשָּׂא פון זיין קערפער און האט זיך אבגעריסען. ביז טיעף אין דערנאכט איז ער נאך געלעגען אין חַלָּשׁוֹת, דערנאך האט ער זיך אויסגעצוכעט און געמאכט א וַיִּבְרַח. ביי א יודישען שענקער ניט ווייט פון שׁוּשַׁן האט ער געקויפט פאר א פאר שְׁקָלִים די קליידער פון א דערוויש (א מין פערזישער בַּעַל שֵׁם). אזוי פערקליידט איז ער אנטלאפען אין איינע פון די נאהענטע פאלמען־וועלדער; און דארטען האט ער א

---

# פּעלעטאָן.

## בַּיים קֶענִיג אַחַשְׁוֵרוֹשׁ.

(א מעשה פאר יודישע קינדער.)

פון

שלום־עליכם.

---

א.

אז איך בין געווען א קליין יונגיל — ווייסט איהר וועמען איך האב מְקַנֵּא געווען?

אחשורש'ן.

ניט יענעם אחשורש'ן, וואס האט געקעניגט פון הודו ביז כוש, אויף הונדערט זיבען און צוואנציג מְדִינוֹת. איך מַיין קאפיל דעם שניידער מיט דער גילדענע קרוין... דאס הייסט מיט'ן פאפירענעם ספאדעק, און מיט דער לאנגער גילדענער ריט פונ'ם בעזעם.

אויך מרדכי'ן דעם שֵׁנִי לַמֶּלֶךְ (לוי דעם שוסטער) מיט דער איבערגעקעהרטע קאפאטע אויף דער לינקער זייט און מיט דער קלאמשקעוואטע פלאקסענע בארד האב איך שטארע מְקַנֵּא געווען.

איך האב מְקַנֵּא געווען וַשְׁתִּי הַמַּלְכָּה'ן (מאטיל דעם סמאליר) מיט'ן קליידיל אויף דער קאפאטע און מיט דער פעטשיילע וואס ער פלעג זיך אונטערבינדען דאס בערדיל, מע זאל מיינען אויף איהם, אז ער איז א נְקֵבָה... און וואס איז אבגעגאנגען א שטייגער אסתר המלכה'ן (עוזר דעם אונטערשמש) מיט'ן גרינעם פארטוך? און וואס איז אבגעגאנגען הָמָנ'ען (יאסקע דעם בעהעלפער) מיט'ן שארבען אויפ'ן קאפ?...

נאר מעהר פון אלעמען האב איך מקנא געווען פייוויל דעם יָתוֹם וואס פלעג זיך אנטהון אין א רויט העמדיל, זיך פערשטעלען פאר "יוסף הַצַּדִּיק" בשעת חברה האבען געשפיעלט יענע שענע שפיעל, וואס ווערט אנגערופען "מְכִירַת־יוֹסֵף". זיינע ברידער פלעגען איהם אראברייסען דאס רויטע העמדיל, אריינווארפען איהם אין "לייבען־גרוב", און יוסף הצדיק (פייוויל הייסט דאס) פלעג זיך אוועקשטעלען אויף די קניהעס, צונויפלייגען די הענד און בעשווערען די חַיּוֹת־רָעוֹת זיי זאלען צו איהם קיין שליטה נישט האבען און זינגען בשעת מעשה זעהר א טרויעריג ליעד, וואס די ווערטער ענען זיך צוגאנגען אין יעדען אבר:

שלאנגען און עקדישען,
פערשליסט אייער מויל,
פערשליסט אייער מויל!
צי ווייסט איהר דען
צי ווייסט איהר דען
צי ווייסט איהר ווער איך בין?
איך בין יוֹסֵף הַצַּדִּיק,
יצחק'ס איין אייניקיל,
יעקב'ס א זוהן,
יעקב'ס א זוהן!..

און חאטש יוסף הצדיק איז געווען א יתום, איין ארעם בחור'ל וואס האט זיך אויפגעהאלטען אין אונטערשטען קלייזיל און געלעבט פון א "פאלג מיך א גאנג" און חאטש איך בין געווען א נגיד'ס א יונגיל, דעם זיידען רב מאיר'ס איין אייניקיל, פון דעסטוועגען וואלט איך מיט איהם געביטען נאר צוליעב דעם איינעם טאג פּוּרִים אליין.

צייט לאנג געלעבט אין א הויל ווי א פערזישער בעל שם פערבעהאלטע־נערהייט.

מרדכי, וואס איז אזוי עולה לגדולה געווארען, איז שוין אין קי־ניגליכען טויער ניט געזעסען. די גוטע מסירות האבען שוין אנדערע געבראכט פאר׳ן קיניג. בשעת ער פלעגט פארבייגעהן, פלעגען זיך אלע פאר איהם בוקען און קניען. הינטערן רוקען אבער פלעגט מען איהם ווייזען פייגען און אנשטעלען א צונג. דעמאלסט האט מען נאך ניט גע־וואוסט אז מען קען מאכען פון א פאלע א חזר׳שען אויער".

די קרובים פון בגתן ותרש האבען שוין לאנג געבונטעוועט אקעגען מרדכי׳ן און די יודען, איצטער זענען נאך צוגעשטאנען צו זיי צוויי פון די שענסטע פערזישע פאמיליען, די פאמיליע המן און זרש׳ס פאמיליע. אין איטליכע שטאדט און אין איטליכען דארף, וואו יודען האבען געמאכט פאגראמען אויף די איינוואהנער, האבען זיך געעפענט חברות פון צוררי היהודים. און איין מאל א יאהר פלעגען זיי זיך צונויפקלויבען אין די ארומיגע וועלדער, אוואו זיי פלעגען שווערען ביי די געטער ארמוזד און אחרימן ניט צו רוהען און ניט צו אטהמען ביז עס וועט פון די "יהודים" די בלוטזויגערס און אוזורפאטארס (ניי אויפגעקומענע שררים) ניט בלייבען א שריד ופליט. אין בוגד האבען זיך בעטהייליגט א סך אחשדרפנים און אפילו דער בעקאנטער ממוכן. די וואס מיינען אז ממוכן איז דער אייגענער וואס המן — לעבען אין טעות. צו אחשורוש׳ם צייטען פלעגען נור די יודען האבען צוויי נעמען, איינעם א יודישען און פאר דער וועלט א גוי׳שקען.

די בונטאוושציקעס זענען באלד דערגאנגען, אז פרשנדתא לעבט ניט ווייט פון שושן אין די קליידער פון א דערוויש, און באלד איז טאקע פרשנדתא׳ס הויל געווארען דער וויכטיגסטער פונקט, אוואו מען פלעגט האלטען אספות אויף אספות. מען האט געווארט אויף א געלעגענהייט ווי זיך נוקם צו זיין אן די יודען. דערווייל האט מען געארבעט מיט אלע כחות. אפילו חרבונה, וואס מיר דערמאנען איהם נאך היינט צו גוטען איז צוגעשטאנען צו די צוררים. אמת א צייט לאנג האט ער זיך נאך געהאלטען פון ווייטען, נאר דערנאך ווי ער האט געקריגען דעם פערציגסטען פאסקוויל און נאכדעם, ווי ער האט זיך איבערצייגט, אז אין זיין בעכער האט מען צוויי מאל געפרובירט אריינמישען גיפט איז ער אויך אוועק צו פרשנדתא׳ן אין הויל.

הנה דער סריס פון אחשורוש׳ן, וועלכער איז געווען דער אויפזעהער אויף אלע ווייבער פון קיניג, וועלכער האט אין א קורצע צייט דורך זיינע טייערע באלזאמען געמאכט פון אסתר׳ן דאס שענסטע ווייב פון פ״ם ומדי. איז געווען א בעהאלטענער צורר היהודים. כל זמן, אז ער האט ניט געוואוסט מרדכי״ם שטאם, איז ער מרדכי׳ן געווען א גוטער פריינד, אפילו ניט פאר אומזיסט. ווי ער איז אבער דערגאנגען ווער אסתר און מרדכי זענען, האט ער אנגעהויבען צישיטען צו אסתר׳ס באלזאמען און שמעקעדיגע בוימאייל די שטארקסטע הויטגיפטען. צוליעב דעם האט די שענע אסתר באלד געקריגען רויטע און גרויע פלעקען אויף איהר אלבאסטער ווייסען קערפער און איהר פיין פנים איז געווארען געשטופעלט ווי נאך א פאקענקראנקהייט. צום קיסר׳ס הויף איז זי נישט געגאנגען, און אפילו פאר איהרע דינערען פלעגט זי זיך שעמען ווייזען איהר געשטופעלט פנים. אחשורוש האט אן זי שוין לאנג פערגעסען, און אויף מאלצייטען האט זי שוין דעם מוטה ניט געהאט איהם צו רופען. הגה האט דערווייל אנגעווענדט אלע כחות און די טייערסטע באלזאמען, אום צו מאכען פון דעם יונגען קערפער פון המן׳ס א אייניקיל דאס שענסטע ווייב פון פרס, די צוקינפטיגע סולטאנשע אויף אלע 127 מדינות.

אז ס׳איז געקומען דער גוטער, דער ליבער טאג פורים האב איך פון גאנץ פריה אן שוין ארויסגעקוקט אויף דער "חברה", וואס געהען פון שטוב צו שטוב און א גאנצע חאליאסטרע יונגליך לויפען זיי נאך פון אונטען מיט בארוועסע פיס אויפ׳ן שניי. פאר וואס קען איך ניט זיין אין דער חאליאסטרע? ניין! איך טאר נישט, ווארים איך בין א גניד׳ם א יונגיל און דעם ויידען רב מאיר׳ס איין אייניקיל, בעדארף איך ליגען ווי א הונד א גאנצען טאג אין שטוב און געהן מיט אלע גרויסע צום ויידען רב מאיר צו דער סעודה.

— וואס דרעהסט דו זיך ווי א דייטש אויפ׳ן קארעק? — מאכט צו מיר דער טאטע בשעת מיר געהען אלע אין איינעם צום ויידען רב מאיר צו דער סעודה, און איך דערזעה פון דער ווייטען די "חאליאסטרע".

— ביזט שוין קיין עין־הרע א היבש יונגעלי, קאנסט געהן א ביסיל ניכער — זאגט די מאמע — אם ירצה־השם שבת־הגדול ווערסט דו אכט יאהר ביז הונדערט און צוואנציג.

— טשעפעט איהם ניט, ער האט דערזעהען די "קאמעדיאנטשיקעס"! רופט זיך אן מיין עלטערער ברודער משה׳לי, וואס איז אליין אויך א בעלן זיך אבשטעלען אנקוקען די "קאמעדיאנטשיקעס".

— נעה, נעה! — מאכט צו מיר דער רבי רב איצי, מיין מלאך־המות, און דערלאנגט מיר א שטורך פון אונטען.

איך לאז אראב די אויגען אין דער בלאטע און געה גלייך מיט אלע, פערטיפט אין אומעטיגע מחשבות, טרויעריגע געדאנקען: "תמיד מיט אלע גרויסע! שטענדיג מיט׳ן רבין! . . . אין דערפריה, און ביי נאכט, און שבת און יום טוב!... רב איצים רויטע נאז מיט טאבאקע, איינגעזונקען זאל זי ווערען!..."

ב.

דער ויידע רב מאיר איז דער גרעסטער גביר פון שטאדט. ער זיצט ווי א מאנארך. א גרויסע זאל מיט א גרויסען זילבערנעם הייגליכטער, וואס הייגט אראב פון דער מיט סטעלי. טאמביקענע העסעס אויף די ווענד. א גרויסע שווערע זילבערנע מנורה אויפ׳ן טיש מיט א סך זילבערנע לייכטער וואס די באבע נחמה נעמט זיי ארויס נור צוויי מאל אין יאהר: פסח צום סדר און פורים צו דער סעודה, און עס ווערט ליכטיג אין אלע ווינקעליך.

גאנץ אויבען אן, אויף א גרויסער שטוהל מיט גרינס בעצויגען זיצט דער ויידע רב מאיר אליין, — א קליין יודיל, מיט א שיטער בערדיל, מיט אביסיל איין אויסגעבויגענער נאז מיט זילבערנע האר און מיט שווארצע יונגע אויגען. אנגעטהון געהט ער אין א לאנגע ויידענע קאפאטע מיט א גע־פלאכטענעם גארטעל און מיט א שטריימעל אויפ׳ן קאפ. אקעגען איהם אויפ׳ן טיש זיצט א גרויסער, א מוראדיגער, א געפלאכטענער פורים קוילעטש, איין אנגעהויבענער שוין, מיט זאפראן פארגעלט און מיט ראזינקעס ארומ־געשטעקט.

פונקט אין מיטען טיש זיצט די באבע נחמה, א הויכע יודינע, נאך גאר א שענע, אויסגעפוצט אין א גאלדפארביג ויידען קלייד מיט ווייסע עפיל, מיט א שטערנטיכיל פון דימאנטען מיט בריליאנטען, מיט רייכע פעריל אויפ׳ן האלז. מיט אוידהרינגליך און מיט פינגערליך. נעבען איהר שטעהט א גאנץ גרויסער פאלומעסיק, מיט הייסע, שמעקענדיגע, געציקערטע און געפעפערטע פיש, פערפראוועט מיט ציבעלים, מיט ראזינקעס און מיט אלערליי געווירצען. די באבע טהיילט ארוים די פיש, די שענע ויידענע פעטשיילע פערקאטשעט אונטער די אויערען מיט צוויי שפיצען, די דימאנ־טען מיט די בריליאנטען בשעת מעשה פינקלען און שעמערירען, און דאס פנים שיינט און שמייכעלט.

ארום און ארום טיש פון ביידע זייטען זיצען די פעטערס מיט די מומעס, אלע מיט זייערע קינדער, יונגליך און מיידליך, וואס הייסען אלע נאך אלץ איינע ויידעם און באבעם, פעטערס און מומעס. פריהער דער פעטער צדוק און די מומע צביה מיט דריי יונגליך: משה׳לי, הערשעלי, וועלוועלי און צוויי מיידליך: שרה׳לי, פייגעלי. נאכדעם דער פעטער נפתלי און די מומע דבורה׳ל מיט פיער יונגליך: משה׳לי, הערשעלי, וועלוועלי

אסתר'ס און מרדכי'ס לאגע איז געווען ביטער ווי דער טויט. זיי האבען געוואוסט, אז דאס גאנצע לאנד איז זיי א שונא, עס איז זיי געוועזן אויפ'ן הארצען, ווי מען וואלט זיי אוועקגעזעצט צווישען בערגליך מוראשקעס. און צו אלע צרות האט מען נאך געמוזט בלאזען פון זיך און מאכען א וויכטיגע שטאלצע מינע, ווי עס פאסט פאר א קיסר'ס ווייב און א משנה למלך, וואס טראגט אויף זיך א הימעלבלוי קלייד.

בשעת ביי אסתר'ן האבען זיך בעוויזען די ערשטע גרויבלויע פלעקען, האט מרדכי גוזר געווען אויף אלע יודען א דרייטאגיגען תענית, אבער דער לאנגער תענית האט וועניג וואס געהאלפען. הגה איז דערפון מאגערער ניט געווארען. פערטרייבען האט מען איהם ניט געקענט, ווייל אין פרס האט דער ערשטער סריס נאך אלץ מעהר דעה ווי אמאל דער ערשטער מיניסטער.

צוויי יונגע לייט, וועלכע פלעגען דעמאלסט אפט איינגעהען צו מרדכי'ן, עזרה און נחמיה, האבען צוואנציג מאל זיך געבעטען ביי מרדכי'ן אז ער זאל שטילערהייט אנטלויפען פון שושן. זיי האבען ניט געהאלטען פון מרדכי'ס גדולה, די יודישע לאגע אין פרס איז זיי שטארק ניט געפעלען, און זיי האבען פארזיכטיג נעגרינדעט אגודות, חברות מיט דער דעה זיי אריבערצופיהרען אין ארץ ישראל. זיי האבען אלץ מיט מרדכי'ן גע'טענה'ט: בעסער אין ארץ ישראל האלי'ן האקען און וואסער טראגען, ווי אמאל די גבעונים, איידער צו זיין אויסגעפוצט אין א הימעלבלויען קלייד און לעבען אין איין ציטערניש פאר'ן מארגענדיגען טאג. נאר מרדכי האט געהאלטען פון א אנדער פאליטיקע. ער האט געפיהרט די פאליטיקע פון די היינטיגע ניי מאדנע יודישע באראנען. "לויט דער קאנסטיטוציע פון פרס און מדי טאר מען מיר ניט טהון קיין שלעכט'ס, וואס דער האר איז ווערט. היינט וואס ארט דאס מיך, ווען דאס גאנצע לאנד וויל מיך אויפהייננגען אויף א קלאטץ פון פערציג קלאפטער די הויך!" אזוי פלעגט מרדכי ענטפערען די יונגע לייט, און עזרה און נחמיה פלעגען פערלאזען זיין הויז מיט צובראכענע געמיטהער....

ויהי, און אחשורוש האט געמאכט א מאלצייט פאר אלע פירסטען און גרויסע לייט פון די 127 מדינות. פון זיין רעכטער זייט איז געזעסען מרדכי, וועלכער איז נאך געווען בעליעבט און גרויס אין זיינע אויגען, פון דער לינקער זייט, נעבען זיינע פיס די שענע סאלאמבא דאס אייניקיל פון המן און זרש, איינע פון זיינע קעבסווייבער, וועלכע פלעגען איהם בעדיענען ביי'ן טיש. אויפ'ן דריטען טאג, בשעת אחשורוש איז געווען שוין גוט פרעהליך, האט ער פלוצים א זאג געטהון: "מרדכי! אלץ וואס דיין האר'ץ געלוסט זאל היינט דערפילט ווערען! צי ווילסט דו, אז איך זאל דיך און דיינע ברידער צוריקקעהרען אין אייער אייגען לאנד? בעט, און דיי בקשה זאל ווערען געשעהן!"

מרדכי, וועלכער האט צווישען יודען און אין דער היים זיך גענרויסט מיט זיין יודישקייט, אבער פאר דער וועלט געשפיעלט די ראלע פון דעם גרעסטען פאטריאט אין פרס און אין מדי, איז געווארען א ווייל צומישט, און ער האט גענטפערט ווי א גרויסער דיפלאמאט: מיין לאנד איז דער ארט, איבער וועלכען עס שוועבען דיינע ערהאבענע טריט, און איך בין דיין דינער".

אחשורוש'ן האט דער ענטפער שטארק פערדראסען. ס'טייטש ער וויל ווייזען זיינע פריינעבינקייט און מרדכי שטויסט איהם אב פון זיך, און דער קיניג האט אבגעקעהרט פון איהם זיין גאלדענעם שרביט.

מעהר ווי אויף אזא צופאל האבען מרדכי'ס שונאים ניט געווארט.

---

נאטעלי און דריי מיידליך: שרה'לי, פייגעלי, רחלי', נאכדעם דער פעטער אברהם און די מומע סאסי מיט פינף יונגליך: משה'לי, הערשעלי, וועלוועלי נאטעלי, יענקעלי און פיער מיידליך: שרה'לי, פייגעלי, רחלי', טייבעלי נאכדעם דער פעטער בעריש און די מומע אסתר'ל מיט זעכס יונגליך: משה'לי, הערשעלי, וועלוועלי, נאטעלי, יענקעלי, פישעלי און פינף מיידליך: שרה'לי פייגעלי, רחלי', טייבעלי און חנצי. נאכדעם דער פעטער בנימין און די מומע לאה מיט זיבען יונגליך: משה'לי, הערשעלי, וועלוועלי, נאטעלע יענקעלי, פישעלי, שמואליקיל און זעכס מיידליך שרה'לי, פייגעלי, רחלי', טייבעלי, חנצי און גנענדיל. נאכדעם דער פעטער קלמן און די מומע איטעל, מיט אכט יונגליך...

נאר אפשר וואלט נעווען גענוג אויסרעכענען די משפחה? עס קען, זאגט מען, שאדען... דער ויידע האט איין מאל געוואלט אויף א ציקאוועסט איבערצעהלען וויפיעל פארשוין זיצען ביים טיש, האט ער גענומען א זילבערנעם בעכער אין האנד און האט אנגעהויבען צו צעהלען: "ניט איינס, ניט צוויי, ניט דריי, ניט פיער, ניט פינף, ניט זעכס, ניט זיבען"... האט די באבע אויסגעריסען ביי איהם דעם בעכער פון האנד און האט איהם ניט געלאזט צעהלען ווייטער: "אויף מיינע שונאים'ס קעפ! וואס צעהלסט דו וואס? פאראן קיין עין הרע גענוג טעלער!"...

צונויפגעקליבען זיך אלע צו דער סעודה, זעצט דער ויידע אליין אוים דעם גאנצען טיש. דער ויידע רב מאיר האט ליעב ס'זאל זיין שען און ריין און ציכטיג און מיט א סדר — עס קומט אוים נוט: א פעטער זיצט נעבען א פעטער, א מומע נעבען א מומע, און אונז, קליינוואַרג, צוזעצט מען אוים אזוי, אז ס'זאל אויסקומען נישט א ברודער מיט א ברודער און א שוועסטער מיט א שוועסטער, מחמת איינגנע קאנען נישט הויזען צווישען זיך; לכן בעדארף זיצען א פרעמדער משה'לי מיט א פרעמדען הערשעל; און א פרעמדער הערשעלי מיט א פרעמדען וועלוועלי, און א וועלוועלי מיט נאטעלי, א נאטעלי מיט א יענקעלי, א יענקעלי מיט א פישעלי, א פישעלי מיט א שמואליקיל און די מיידליך אויך אזוי: א שרה'לי מיט א פייגעלי א פייגעלי מיט א רחלי, א רחלי מיט א טייבעלי, א טייבעלי מיט א חנצי און א חנצי מיט א גנענדיל, א גנענדיל מיט א שרה'לי, א שרה'לי מיט א פייגעלי, און אזוי ווייטער. נאר מיר האט ניט געסטאיעט קיין פאריל, האט מען מיך א נידער נעזעצט מיט מיין מלאך המות, דעם רבין רב איצי. דער רבי רב איצי, איז ביי מיר נישט נור א מלמד, א לעהרער אליין, נאר אויך א מדריך, א וועגווייזער, א מין גובערנאנטקע אויף צו לערנען מיך דרך־ארץ, ווי אזוי צו זיצען ביים טיש און ווי אזוי צו עסען.

— או דו זיצט ביים טיש — אזוי האט מיך געלערענט מיין גובערנאנטקע רב איצי — זאלסט דו זיצען ווי א מענש. דו זאלסט קוקען גלייך, און די הענד זאלסט דו האלטען אונטערען טיש און נישט רעדען ביים עסען. און אז דו עסט לאקשען מיט יוך, זאלסט דו אננעמען מיט דער לעפעל פונקט אזוי פיעל לאקשען וויפיעל יוך; א זופ יוך און אוועקגעלייגט די לעפעל און אבגעווישט די ליפען; און ווידער א זופ יוך און ווידער אוועקגעליינט די לעפעל און אבגעווישט די ליפען, נישט חאפען איין לעפעל נאכ'ן אנדערען ווי א גוי...

אנידערגעזעצט זיך נעבען מיר און געמאכט א מוציא נעמט דער רבי רב איצי ארוים די רויטע פעטשיילע פון בוזעם קעשענע, טרייסעלט אוים די טאבעקע גלייך צו מיר אין טעלער אריין, נאכדעם הויבט ער אן שנייצען די נאז מיט א מאדנעם קוויטש און מיט א קול פון א שופר און לאזט אוים מיט א תקיעה גדולה, און בשעת מעשה קוקט ער אויף מיר מיט איין אויג, צי איך זיץ ווי א מענש...

שושנת יע־ע־ע־קב!

אזוי הויבט אן דער ויידע צו זינגען מיט זעהר איין אנגענעהמענע שטימע תיכף נאכ'ן ערשטען גלעזיל וויין, און קנאקט צו בשעת מעשה מיט'ן פינגער, און דער גאנצער עולם חאפט אונטער:

צהלה ושמחה!

כאַלד איז טאַקע צוגעפאַלען סאַלאַמבאָ צו די פיס פון אחשורוש'ן און האָט אָנגעהויבען בעטען, אַז ער זאָל לאָזען קומען איהר פעטער פרשנדתא אין קיניגס הויף.

„וועלכער פרשנדתא ?“ האָט געפרעגט דער קיניג, וואָס האָט געהאַט תמיד אַ שוואַכען זכּרון.

„דיין געוועזענעם מיניסטער המן'ס זון, געטליכער קיניג“.

„פאַר וואָס איז ער ביז איצט ניט געקומען ?“

„ווייל מרדכי האָט איהם געוואָלט הייגגען, דערום איז ער געלעגען בעהאַלטען אין די וועלדער, הימלישער קיניג“.

דער הימלישער קיניג וואַרפט אַ צאַרניגען בליק אויף מרדכי'ן, און מרדכי ווייס שוין, אַז עס איז געקומען אַ סוף צו זיין גדולה.

---

די שריפט פון די אויסגעגראַבענע פאַרמעטען איז אין דער לאַנגער צייט ערטערווייז קאַליע געוואָרען. דעריבער קען איך אייך ניט דערצעהלען באַריכות, ווי מרדכי איז געוואָרען אוים מיניסטער, ווי פרשנדתא האָט געטראָגען זיין הימעלבלוי זיידענעם קלייד, ווי זיעבען טעג און זיעבען נעכט האָט מען געשטורמט יודישע הייזער, ווי די גאַסען זענען געוועזן בעדעקט מיט שנייווייסען פוך פון פערענעס און קיסענס, ווי שטראָמען בלוט האָבען געגאָסען זיך טייכענווייז. און ווי אין די ווייסע פוך און אין די רויטע שטראָמען האָבען זיך געצאַפּעלט מענצעשע קערפער....

געבליבען זענען נור ביי'ן לעבען די שענקערס, ווייל זיי האָבען געשיקט צו פרשנדתא אַ דעפוטאַציע און איהם דערמאָנט אָן די טובה, וואָס אַ שענקער האָט איהם אַ מאָל געטהון. ביי'ן לעבען זענען נאָך געבליבען די אָנהענגער פון עזרה און נחמיה, ווייל זיי האָבען נאָך ביי צייטענס מיט זייערע פיהרערס זיך אָבגעריקט פון דער רייכער און פרעהליכער שטאָדט שושן.

דאָס איז דער אמת'ער סוף פון מגילת אסתר לויט די אויסגעגראַבענע אלטע פאַרמעטען מיט מיינע אייגענע הגהות דערצו....

.... היינט זעהט איהר שוין, אַז מען טאָר ניט גלויבען אין די מעשות פון די ביכליך, דען זיי דערצעהלען אונז נור דעם האַלבען אמת, דעם שענעם אמת, דעם שלעכטען סוף בעהאַלטען זיי פון לעזער, דערום פערלאָזט זיך ניט אויף' די מעשה ביכליך!...

בעל מחשבות.

---

# אַ שניידערישער פורים.

אויב איהר ווילט, וועל איך אייך דערצעהלען אַ מעשה.

פריהער אָבער, מוז איך זאָגען, ווער איך בין.

אַ ש נ י י ד ע ר בין איך.

אייגענטליך בין איך קיין שניידער נ י ש ט; מיינע אָבות אבותי זענען קיין שניידער נישט געווען. נאָר, אַז עס האָט זיך געמאַכט, און איך האָב פערגעסען דאָס לערנען פון תלמוד־תורה און פערלאָרען די עטליכע גילדען, וואָס מען האָט מיר געגעבען נדן, האָב איך מיך גענומען צו דער נאָדעל.

פאַר וואָס גראָד צו דער נאָדעל ? ווייל איך האָב געהאַט אַ שכן, וואָס האָט געלעבט פון דער נאָדעל. אין דריטען ווינקאַלע האָט אַפילו געוואָהנט אַ שוסטער אויך, איז עס אָבער אַ שווערע מלאכה און אַ פערסמאָליטע...

מיין שכן פון ערשטען ווינקעל איז געוועזען אַ ד אַ מ ס ק ע ר שניידער, בין איך א ו י ך געוואָרען אַ דאַמסקער שניידער.

---

אויף אַלערליי קולות, אלע מאָל העכער און העכער. און מיין רבי רב איצי, וואָס איז אַ קליינער מנגן, ער האָט אַ קול פון אַ שלייען, העלפט אויך זינגען, דאָס הייסט ער האַלט אָפען דאָס מויל, פערמאַכט די אויגען, גיט אַכטונג פון רעסטעווענען בשעת מעשה מיט אַ האַלב אויגיל אויף מיר צי איך זיץ ווי אַ מענש, דעם קאָפּ האַלט ער אַביסיל אויף אַ זייט, קלאַפּט מיט'ן מיטעלסטען פינגער אין טיש — הקצור ער בעווייזט דעם יידען אז ער זינגט אויך אין קאָן.... און אַז עס קומט צו „ברוך מרדכי“ און „אָרור המן“, בענשט מען מרדכי'ן און מע שעלט אָן המנ'ן — עס זאָל זיי אָנגעהן אַ צעהענט חלק, רבונו של עולם!...

נ.

— געקומען די פורים־שפילער! — רופט זיך אָן תנחום דער משרת, אַ יוד מיט אַ רויטער קאַפּאָטע, וואָס זאָגט אַלעמען „דו“, אַ חוץ דעם יידען מיט דער באָבען.

דערהערט „פורים שפילער“, שפרינגען מיר, קליינוואַרג, אלע אין איין רגע אַרויס פונ'ם טיש און מיר שטעהען שוין אַלע אַרום דעם קעניג אַחשורש מיט דער גילדענע קרוין.

— גוט יום טוב! — שיסען אוים די חברה אַלע מיט אַ מאָל גאַנץ פרעהליך, און מע שטעלט זיך אוים אין צוויי ציילען. אויף אַ גילדענער שטוהל זיצט דער קעניג אחשורש און עס טריט אַרוים אויף איין פוס ממוכן (חיים שמייסער), זינגט אַ דייטשעם לידעל:

בין איך מיר ממוכן פאָן די אַחשתרנים,
נאָך גאָר אַ יונגער הער — דאָס זעהט איהר אין מיין פנים.
אויף איין פוס טהו איך טהון שפרינגען
און אויף מיין זיסער שטימע — זינגען.

פרעגט איהם דער קעניג אחשורש:

זאָג מיין ליבער קנעכט ממוכן,
וואָס ביזט דו געקומען אַהער צו קרוכן?

ענטפערט איהם ממוכן:

לאָז דער קעניג אחשורש קיקען,
ווי מע וויל פאַר המנ'ן ניט ביקען...

ווערט דער קעניג אַחשורש אָנגעצונדען:

ווער טהוט דאָס ווידערשפעניגען מיינע ווערטער,
וואָס איך האָב באַפעהלען אין אַלע ערטער?

ענטפערט איהם ממוכן:

אַ פערפלוכטער יודע, ער טהוט שבת האַלטען,
די קאַפּאָטע איז ביי איהם הונטען ניט צושפּאַלטען,
אויפ'ן אכטען טאָג טהוט ער די קינדער צו באַשניידען,
ווי קאָנסט דו אַזעלכם אין דיין קעניגרייך נאָר ליידען?

זאָגט דער קעניג אַחשורש:

אויב אַזוי לאָז מען דעם יודען אַהער ברייננען,
מיר וועלען איהם אויף אַ הויכען בוים אויפהייננגען!

זינגט אוים ממוכן:

אַריין, אַריין, אַריין,
ברודער מאַנדעריש דו מיין!

עס קומט אַריין מאָנדריש מיט דער קלאָטשקעוואַטע באָרד און הויבט זיך אָן פערענטפערען פאַר'ן קעניג אחשורש, דערצעהלט איהם דעם יחוס, פון וואַנען ער קומט אַרוים; אברהם יצחק ויעקב זענען ויינע ויידעם, די תרי"ג מצות זענען ויינע עדות“, און ער לאָזט אוים מיט אַ געזאַנג:

אַז אָך און אַז וועה איז צו אונזערע הערצער,
אַז המן איז ביי דיר אַ מונדערפעהצער!

— — — — — — — — — — — — — — — —

— דו ביזט יוסף הצדיק? — רוף איך מיך אָן צו פייוועל דעם יתום, וואָס שטעהט ביי דער זייט מיט איין אויסגעמידט פערקאָמערט פנים,

— יוסף הצדיק — מאַכט צו מיר פייוועל.

צו דער מלאכה האָב איך מיך אויף אַ מאָל נישט גענומען; דעם אמת זאָגענדיג, האָב איך געוואַרט, עס זאָל מיר עפּיס אַ נס געשעהען, איך, אָדער מיין ווייב, זאָלען אַ כשרה מציאָה געפינען; נאר דערווייל, אַבי נישט לעדיג צו געהן, האָב איך מיך צוגעזעצט צום שכנ'ס טיש און געפּרוּווט אָנגייען קנעפּליך, „צוסטריגיוועך", און דער-נאָך — נייען אויך!

צום אויפנייען אַ גאַנץ קלייד בין איך נישט געקומען, און האַלט נאָך נישט דעריבּיי עד היום; נאר פּערלאַטען, פּערפּרעסען, אויסוואַ-שען עטליכע פלעקען און אַפילו — אַ מאָס נעמען, — דאָס האָב איך מיך אויסגעלערנט, און מיט דעם האָב איך געלעבט און עס לעבט זיך נאָך... זאָל איין אַנדערער צושניידען!

איך קען נישט זאָגען, עס איז נ י ש ט פון די ערגסטע מלאכות. ערשטענס זינגט אַ שניידער אַ לידעל, לאָזט זיך גאַנץ אָפּט אַרוים אין די דערפער, קומט אַריין צו פּריצים, — זעהט מען אַ וועלט, און מען לעבט אַ וועלט, נישט ווי אַ פּערסמאָליטער שוסטער...

דערווייל איז מיר אָבער, נישט פאַר אייך, נישט פאַר קיין שום יוד געדאַכט, דאָס ווייב נפטר געוואָרען, — נאר נישט דאָס וויל איך אייך דערצעהלען.

---

הכלל בין איך איין אלמן; וואָהן איך מיר אליין אין אַ קליין שטיבּיל, ערגיץ העט, אין עק שטאָדט; פּרנסה האָט מען נ י ש ט איבער'ן מויל! נאר, גאָר נישט; מען טרעפט אַ גוטען ברודער, מען נעמט אַ קאַפּ, מען באָרגט אַ זהב טהור, און מען לעבט ווייטער.

מאַכט זיך אָבער אַ מעשה, ווי מען זאָגט — אַ גאַנץ יאָהר שכור און פּורים ניכטערן, — נישט דאָ אַ דרייער אין שטוב! קלער איך מיך איינצובעטען ביי אַ נוטען ברודער! עס איז דאָך נאַריש, איך וועל דאָך נישט אַרומגעהן מיט אַ טרוקענעם האַלז! עס איז דאָך פּ אָ ר ט פּורים; אסתר המלכה איז נאָך ווערט, מען זאָל, איהר צו ליעב, נ י ש ט געהן בדרך הישר, ווי ניכטערנערהייט!... געה איך מיר אַרויס פון שטוב און הויב אָן קלערען, צו וועלכען שניידער געהט מען?

אָם פרעהליכסטען איז ביי אהרן דבשה'ס, בראָנפען גיסט זיך דאָרט ווי וואַסער; ער טרינקט, זי טרינקט, די טאָכטער, זאָגט מען האָט אויך דעם ביטערן טראָפּען נישט פיינט! נאר טאַקי צו ליעב דער טאָכטער, האָב איך קיין חשק נישט אַהין צו געהן! עס איז אַ בתולה פון אַ יאָהר 30, אפשר מ י ט אַ שמיץ, און טהו עפּיס! זי שרכ'ענט זיך צו מיר! אַז זי דערזעהט מיך, נעמט זי „מַיִם אויף די עֵינַיִם", קוקט זי אויף מיר, ווי אַ שאָף אויף זאַלץ, און פערגלייסט נאָך די אויגען, אַז מען זעהט די שוואַרצאַפּעל נישט אַרויס, און מען מיינט, אַז זי האָט אונטערן שטערן צוויי שיסעל סמעטענע...

ניין, צו אהרן דבשה'ס געה איך נ י ש ט... צו אַנדערע רייכע שניידער, אַוודאי נישט! זיי קוקען אויף מיר פון דער הויך, ווי אַ סאָווע אין די פעדערן אויף אַ נאַקיט הינדעל... און געה טרעף ו ו ע ל כ ע ר קבצן איז נישט קיין פּורים־שפּיעלער און האָט אין דער היים אַ קאַפּ בראָנפען?

קלער איך! קלערענדיג, האָב איך אַ טעות און אויפ'ן אָרט פון געהן אין שטאָדט אַ ר י י ן, געה איך אַ ר ו י ס פון שטאָדט.

אַז איך דערמאַן מיך בין איך שוין אַ היבש שטיק וועגס אונ־טער דער שטאָדט, דערזעה איך אַ וועלדיל, געה איך אַריין, נאָך וואָס? איך וויים נישט! איך געה... וואו אַהין? פרעגט מיך בחרם.

טרעף איך אַ האָליץ־העקער; פרעג איך איהם: „ווייט צו אַ ק־עטשמע?" און טראַכטען טראַכט איך מיר, אונטער דער שטאָדט ק־ינט מען אויך אַ טרונק בראָנפען! איי וואָס? עס איז נישט דאָ

— דו וועסט אויך שפּיעלען? — פרעג איך איהם.

— אז מע וועט מיר הייסען שפּיעלען וועל איך שפּיעלען — מאַכט צו מיר יוסף הצדיק און ביינט זיך אָן צו מיר אויפ'ן אויער — געב מיר אַ שטיקיל קוילעטש פון אייער פּורים קוילעטש.

— מע וועט דערזעהען וועט מען זיך בייזערען — מאַך איך צו איהם שטילערהייד.

— שלעפּ אוועק אַזוי אַז קיינער זאָל ניט זעהען — זאָגט ער צו מיר און די איינעליך בלישטשען.

— גַנְבֶה'נען? — זאָג איך.

— דאָס הייסט דען געגנבה'ט? — מאַכט ער.

— וואָס דען — זאָג איך — הייסט דאָס? גֶעלָקַחנט?

— איך בין טוידט הונגעריג — זאָגט ער צו מיר שטילערהייד און ער עסט דעם קוילעטש מיט די אויגען — פון גאַנץ פריה אָן נאָך אין מיין מויל נישט געהאַט...

דער גאַנצער עולם איז פערטיפט אי: דער "שפּיעל", געה איך צו פּאָוואָלינקע צום טיש, פערליי̤ג די האַנד אַרונטער, שלעפּ אַוועק אַ שטיק קוילעטש און רוק דאָס איהם אַריין אין האַנד אַריין. יוסף הצדיק לאָזט אַראָב קונציג דאָס שטיקיל קוילעטש אין קעשעני אַריין און טהוט מיך אַ קוועטש ביי דער האַנד.

— כיזט אַ וואַהל יונגיל, געבען זאָל דייי יאָט אַלדעם נוטס! — —

— — — — — — — — — — — — — — — — —

ד.

אָפּשר ווילט איהר מיר זאָלען אייך שפּיעלען "מְכִירַת יוֹסֵף" אויך? — רופט זיך אָן דער קעניג אחשורש און טהוט אויס די גילדענע קרוין און טהוט אָן אַ פּראָסטע היטעל.

— גענוג, גענוג! מאַכט דער ווידע און ער גיט דעם קעניג אחשורש אין האַנד אַריין אַ זילבערנע מַטְבֵּעַ, און הייסט תנחום דעם משרת ער זאָל נעמען אַ בעזעם און אויסראָמען די בלאָטע וואָס די "קאָמעדיאַנטשיקעס" האָבען אָנגעמאַכט... אין שטוב ווערט אַ שטיקיל בְּהָלָה, אַ רוקערייי מיט די בענקליך, און בְּשַׁעַת די מִשְׁפָּחָה האַלט אין אויסזעצען זיך צוריק אויף די ער־טער, חאַפּ איך מיך דערווייל אַרויס אויף אַ מינוט בעגלייטען די "חברה".

— קום! — מאַכט צו מיר יוסף הצדיק און נעמט מיך אָן ביי דער האַנד — פאָלג מיך קום מיט מיר, איך האָב דיך ליעב, ביזט אַ וואַהל יונגיל, וועהר אַ וואַהלער.

— וואָהין? — זאָג איך און דאָס האַרץ טיאָכקעט מיר.

— צום קעניג אחשורש — מאַכט ער צו מיר — מיר שפּיעלען שוין מעהר היינט נישט, דאָס געהען מיר צום קעניג אחשורש צו דער סעודה.

יוסף הצדיק נעמט מיך אָן ביי דער האַנד און מיר שפּאַנען א־בער דער בלאָטע.

די נאַכט רוקט זיך אָן געהענטער און נעהענטער, די בלאָטע ווערט וואָס ווייטער אַלץ טיפער. עס דאַכט זיך מיר אויס, אַז איך האָב פליגעל, עס טראָגט מיך אין דער לופטען. אָט באַלד הויב איך אָן פליהען... שוועבען...

— איך האָב מורא — זאָג איך צו יוסף הצדיק און האַלט איהם צו ביי דער האַנד.

— וואָס האָסט דו מורא נאַרעלי? — מאַכט ער צו מיר און קייעט בשעת מעשה דאָס שטיקיל קוילעטש, וואָס איך האָב איהם געגעבען. — דאָרט וועט זיין אַ סעודה, נאַרעלי, דאָרט וועסט דו הערען ווי מיר זינגען ליעדער... אוי וואָס פאַר אַ קוילעטש ביי אייך איז! טעם גַן־עֵדֶן! צוגעהט זיך אין מויל ווי אַ פּוטער! איך פערשטעה ניט ווי אַזוי ועהט מען פאַר זיך אַזאַ־נ־אַנטיק און מע עסט דאָס ניט?

— אַ טהייערע מציאָה! — זאָג איך מיט גַדְלוּת — ביי אונז עסט מען אין דער וואָכען אויך קוילעטש.

קיין געלד, אָבער אַרבייט קען אויך זיין אין קרעטשמע... טרינקט מען דערווייל על חשבון המלאָכה... איין ערל געטרויט !

זאָגט ער, דער האָלץ־העקער : נישט ווייט;

נעה איך ווייטער — צוויי וועגען ; איינער רעכטס, איינער לינקס. נעם איך מיך רעכטס. איך בין דאָך אַ שניידער. האַלט די נאָדעל אין דער רעכטע האַנד, האָט די רעכטע האַנד אַ חשיבות !

אויסגעוויזען האָט זיך אַז געדאַרפֿט נעמען האָב איך מיר לינקס. און אפשר פֿערקעהרט : איך זאָל מיך געווען נעמען לינקס, וואָלט נאָר קיין מעשה נישט געווען...

---

הכלל איך נעה רעכטס, איך נעה און נעה.

דורשטיג בין איך שוין לאַנג, ווער איך נאָך הונגעריג.

קאַלט אַ ביסיל איז מיר שוין אויך.

אין מיטען — סטאָפּ ! אַ צוים.

איין אייזערנע צוים, מיט שוואַרצע אייזערנע שטאַנגען און פֿערגילטע שפּיצען ; אַ מורא.

אַ פֿאָרטקע איז אויך דאָ ; ביי דער פֿאָ־טקע אַ גלאָק. בין איך מיך נישט לאַנג מישב און קלינג אָן.

הערט זיך הינד בילען, ווערט מיר קאַלט אין די פֿיס און וויל מאַכען פליטה, הער איך אָבער מען רופֿט : „רוהיג !" — בלייב איך שטעהען ; איך בין דאָך נישט קיין מלמד, איך זאָל מיך אַזוי ווייט שרעקען פֿאַר אַ הונד !

בעוויזט זיך איין אַלטער ערל, אָנגעטהון ווי אַ יעגער, מיט גרינע לאַצען שטעקט אַריין דעם גראָהען קאָפּ מיט צוויי צורינענע אויגען, צווישען די שטאַנגען, און פֿרעגט, ווער איך בין.

זאָג איך : אַ שניידער.

— וואָס דאַרפֿסט דו ?

— אַ טרונק בראָנפֿען !

לאַכט ער ; ווייזט ער מיר צוויי שורות אַלטע, אויסגעקרומטע צייהן, נאָר מיט אַ פֿלעמיל אין די אויגען !

ביסט דו מיין מענש, טראַכט זיך ! דיר איז אויך טרוקען אין האַלז !

דאַרף מען אַריינגעהן מיט איהם אין אַ משא ומתן.

איך שטעה אין דער זייט, ער אין יענער זייט און מיר רעדען.

איך פֿרעג און ער ענטפֿערט.

— וואָס איז דאָ אַזוינס ?

— אַ פּאַלאַץ.

— און דו ווער ביסט ?

— אַ סטרוזש אין פּאַלאַץ.

— און ווער וואהנט אין פּאַלאַץ ?

— אַ פּריצה !

— וואָס פֿאַר אַ פּריצה ?

— אַ שענע פּריצה.

— אַ שענע ?

— און אַ משוגענע...

— פֿאַר וואָס משוגע ?

— זי וויל נישט חתונה האָבען !

— פשר וועט זי, — לאַך איך, — מיך וועלען !

— פּריוו ! מאַכט ער — אפשר איז זי דיר בעשעהרט !

רעדענדיג, שליסט ער דערווייל אויף און לאָזט מיר אַריין. שטעהען מיר שוין ביידע אויף יענער זייט.

---

— אַלע מאָל קוילעטש ? — זאָגט יוסף הצדיק און בעלעקט זיך — און פֿלייש ?

— אַלע טאָג — זאָג איך.

— אַלע טאָג — מאַכט ער און טהוט אַ שלונג — און איך עס פֿלייש נור איין מאָל אין וואָך, שבת ; אי דאָס ניט אַלע שבת, וואָרום ניט אַלע שבת נעמט מיך אַ נגיד, און אַז גאָט העלפֿט מע פֿאַלט אַריין צו אַ קבצן, עסט מען קדחת.

— וואָס הייסט מע עסט קדחת ? — זאָג איך.

— קדחת עסען ווייסט דו ניט ? מע עסט מכות הייסט דאָס גיט ער מיר צו פֿערשטעהן — ניטאָ וואָס צו עסען עסט מען מכות. איך לעב פֿון דעם וואָס מע גיט מיר. עוזר דער שמש לאַנג לעבען זאָל ער, האַלט מיך אונטער, אַ מאָל מיט אַ שטיקיל ברויט, אַ מאָל מיט אַ קאַרטאָפֿלי ; עוזר איז אַ טהייערער יוד, אַ דימאַנדינע נשמה ! דו קאָנסט איהם ? דאָס איז דאָך אסתר המלכה...

— וואו איז דיין טאַטע ? — פֿרעג איך איהם.

— איך האָב נישט קיין טאַטען.

— וואו איז דיין מאַמע !

— איך האָב נישט קיין מאַמע.

— דער זיידע ? די באַבע ?

— איך האָב נישט קיין זיידען, איך האָב נישט קיין באַבע.

— אַ פֿעטער ? אַ מומע ?

— איך האָב נישט קיין פֿעטער, איך האָב נישט קיין מומע.

— אַ ברודער ? אַ שוועסטער ?

— איך האָב נישט קיין ברודער איך האָב נישט קיין שוועסטער, איך האָב קיינעם נישט, קיינעם נישט, איך בין אַ יתום בין איך !

איך חאַפּ אַ קוק אויף זיין פּנים און אויף דער לבנה, און עס דאַכט זיך מיר אַז ער און די לבנה האָבען איין קאָליר... איך רוק מיך צו צו איהם נאָך נעהענטער און מיר לויפֿען נאָך דער "חברה" מיט אונזערע קליינע פֿיסעליך גאַנץ נעשמידיג.

ה.

— אָט דאָ זיצט דער קעניג אחשורש — מאַכט צו מיר יוסף הצדיק און מיר לאָזען זיך אַראָב אַלע אין אַ קליין פֿינסטער שטוביל מיט ערד געדעקט.

— פֿריידי עטיל אַרויס פֿון בעטיל ! — רופֿט זיך אָן דער קעניג אחשורש צו זיין ווייב, אַ קראַנקע יודינע, אַ יאַדושליווע, וואָס בשעת זי הוסט חאַפּט זי זיך מיט איין האַנד ביים קאָפּ און מיט דער אַנדערער ביים האַרצען. „חברה" האָבען זיך אָנגעזוננען דעם נאַנצען טאָג מיט ליעדער און זענען שוין אַזוי געוואהנט געוואָרען מיט'ן גראַם, אַז אָהן אַ גראַם איז זיי שוין שווער צו רעדען...

— די שענע פֿיש זאָלט איהר געבען צום טיש ! — זאָגט ממוכן — קוילעטש האָבען מיר אַליין, אויף צו קנאַקען מיט די צייהן, און דרייעקיגע המן־טאַשען, וואָס מע פֿערשפּאָהרט זיך צו זיי וואַשען, און פֿלאָדען מיט פֿלעדליך, מיט פּורים'דיגע קניידליך, און בראָנפֿען אַ פֿלעשיל, האָט אונז געשענקט רב יהושע העשיל... מאָנדריש, בינדט אויף דעם זאַק, אָט געב איך דיר אַ קנאַק !

— איידער בעקומען אַ קנאַק אין באַק איז גלייכער אויפֿבונדען דעם זאַק, זאָגט מאָנדריש מיט איין דריינאָרעגדינען גראַם, און וויל אויפֿבונדען דאָס זעקיל.

— איהר האָט זיך גענומען צום עסען און דאָס געלד האָט איהר פֿערגעסען ! — זאָגט ושתי.

— ושתי איז ניט קיין שכור, ער ווייסט אַז דער גראָשען איז דער עיקר ! — רופֿט זיך אָן המן און איהם האַלט אונטער אסתר המלכה, געווינטליך אויך מיט אַ גראַם.

א חברה הינד דרעהען זיך ארום מיט לאנג ארויסגעשטעקטע צוננען, — הער איך זיי עפעס ? — אז דער סטרוזש האלט מיט מיר !

— איך בין איין אלמן, זאג איך.

— פריוו... עס האבען א סך שוין געפריווט... דייטשען, ארמענער, ציגיינער... פריוו דו אויך... אפשר וועט דיר בעסער געלינגען...

קוק איך איהם אן ! איך טרייב קאטאוועס, און ער מיינט נאר עס ערנסט !

געה איך צוריק צו מיין זאך :

— האסט דו נישט א ביסיל בראנפען ?

— אין פאלאץ איז דא בראנפען, מעד אויך, אפילו וויין... און חתנים נעמט מען שען אויף, מען גיט זיי צו עסען, צו טרינקען... כיד המלך, זאגט ער, גיט מען.

ווערט מיר שוין אונהיימליך ; איז ער נישט דער אלטער א ביסיל פערדרעהט ? נאר ניכטערן איז ער, א קלארען בליק האט ער, — זאג איך :

— נענוג, אלטער, מאך נישט קיין שפאס ! מיר איז ווירקליך טרוקען אין האלז ! אזוי טרוקען אז דאס קול קומט ארויס, ווי פון א בלעך... און הונגעריג בין איך, אז ווינדען בלאזען מיר אין מאגען !

— נו, קום, שמייכעלט ער, קום. עסען און טרינקען וועט נישט פעהלען.

מיין איך, אז ער פיהרט מיך פונדעסטוועגען צו זיך ; און ער פיהרט מיך גלייך צו צום פאלאץ.

און א פאלאץ, — עס איז דען גאר צו בעשרייבען ? דער מחבר פון א קדמות, וואלט געבליבען שטעהן מיט איין אפען מויל ! זיילען און זיילען, מיט גאלדענע שלאנגען, אדלער, כל'ע מיני פלעדער־מייז אויף די זיילען... און די אלע חיות האבען גאלדענע קרוינען אויף די קעפ... און ער פיהרט מיך צו'ן א גאניק, אויסגעלייגט מיט א טערקישען דיוואן, און גיט מיך איבער צו'ן א לאקיי...

— „א חתן". זאגט ער.

דער לאקיי שמייכעלט און פיהרט מיך ווייטער.

די פריצה, פערשטעהט זיך, ליגט מיר נישט אין דער לינקער פאה, נאר א שניידער בלייבט שניידער : א ציעקאווער יונג בין איך. „מען רופט דאך מיך נישט היינגען"... טראכט איך.

און מען פיהרט מיך פון איין סאלע אין א צווייטער אריין, פון א גרינע צו'ן א געלע, פון א געלע אין א רויטע, פון א רויטע אין א בלאהע... רבונו של עולם, די קאליערען, עס שווינדעלט פאר די אויגען !

און עס געהט א גאנג ; מען איילט זיך, אז די פארבען מישען זיך, איך האב אפילו קיין צייט נישט צו בעטראכטען דאס מעבעל פון די סאליעס, די פארטרעטען אויף די ווענד. נור קאליערטע פלעקען לויפען מיר אויג אריין — אויג ארויס ; און איין לאקיי גיט מיך איבער דעם צווייטען, איינער דעם צווייטען...

ענדליך פערהאלט מען מיך אין א סאליע, גאר א ווייסע סאליע... רעכטס, זאגט מען מיר, געהט א טהיר צו דער פריצה אליין, און לינקס—א טהיר, ארויסצוווארפען פון פאלאץ, אויב דער חתן געפעלט נישט !

קוק איך מן הסתם אויף דער טהיר צו דער פריצה ; און דערזעה א קליין לעכיל אין טהיר.

— וואס איז דאס ? פרעג איך.

— דורך דעם לעכיל, קוקט די פריצה אויף די חתנים !..

— און ווי אזוי זעהען די חתנים די פריצה ?

— אט ! — מאכט דער לאקיי, פון וועלכען עס בליצט, קאפיט מיט גאלד, און ווייזט מיר אויף א פארטרעט אויף דער וואנד.

---

נאר אז עס קומט צו דער „חלוקה" פונ'ם געלד, הערט מען אויף רעדען צום גראם. מע רעדט פראסט, ווי אלע מענשען רעדען, בשעת עס האלט ביי געלד... דעם גרעסטען חלק נעמט אראב געוויינטליך דער קעניג אחשורש. דאס איז שוין ביי זיי א תקנה פון יאהר צו יאהר. נאר אז עס קומט צו די איבעריגע חברה־לייט, ווערט א שטיקיל מחלוקת ; ממוכן פרעגט א קשיה פאר וואס קומט ושתי'ן מעהר פון איהם ? ער, ממוכן, דארף הארעווען מעהר פון אלעמען, שפרינגען אויף איין פוס, לופטערען די שפראך שיטען מיט גראמען, שפארען די שענע ווערטער ; און אז עס קומט צום טהיילען זיך, ווערט ושתי א מיוחס ! באשר וואס איז ? ער געהר זיך אן א קנעפיל מיט'ן קעניג אחשורש ; א שניידער מיט א סטאליר שלאגען תמיד בלאט....

— לאז זיין שטיל—צושרייט זיך אויף איהם דער קעניג אחשורש— דו שמייסער, דו פערדיל־טרייבער, דו וואגען־שמירער, דו ליימענער דישעל דו פאפירענע שלייע, דו גלעזערען פלעקיל, דו רימענע אקס ! דו האסט א העזה צו רעדען אקעגען דעם קעניג אחשורש ? אט ווארף איך דיר אריין א מיסטעל פעטש אין די יאסלים, וועסט דו נעהן ביי מיר אויפ'ן דראנזשיק !..

ממוכן ווערט אנשווייגען. פאר'ן קעניג אחשורש האבען אלע ארטים־טען דרך ארץ, ווארום ער איז דער בעל־הבית, דער אנטרעפעניער הייסט דאס... מאנדריש בורטשעט אפילו אונטער שטילערהייד, איהם האלטען אונ־טער די אלע איבעריגע ; נאר איין אסתר־המלכה לאזט אראב די עטליכע מטבעות אין קעשענע אריין, זאגט דערביי א ווערטיל, און „חברה" ווערט ווידער לעבעדיג. פרעהליך, און מע הויבט אן רעדען ווידער צום גראם.

— נישט מעהר זאלען די נגידים פערמאגען אויף זייערע לייבער, וויפיעל מיר וועלען ברייננען אהיים פאר אונזערע ווייבער ! — זאגט ממוכן...

איך בעטראכט דאס זיצונג פון קעניג אחשורש. אין מיטען שטוב א גרויסער טיש, צוגעדעקט מיט א גראבען טונקלען טישטוך. ביי איין זייט א ווארשטאק מיט געציינ, ביי דער אנדערער זייט א הילצערען בעטיל מיט א סך קישענס כמעט ביז דער סטעלי. אקעגען אויבען א טופטשאן. אויפ'ן טופטשאן זיצט א שווארצער קאטער, האלט די לאפקעס אונטער זיך און דרימעלט. פון אויפ'ן אויבען קוקען אראב עטליכע פאר שווארצע, קארע און גרויהע איינגעליך.

— אראב, ממזרים ! — מאכט צו זיי יוסף הצדיק און ווינקט צו זיי מיט'ן פינגער. די שווארצע, קארע, גרויהע איינעליך לאזען זיך לאנג נישט בעטען און גליטשען זיך אראב איינציגווייז פונ'ם אויפ'ן אויבען מיט צוריי־סענע העמדליך וואס פערשטעלען דאס לייב נאר ביז עטוואס נידעריגער פונ'ם פופיק... יוסף הצדיק ווייזט אויס איז דארט א היימישער מענש, ווארום די נאקעטע קינדערליך געהן צו צו איהם ווי די קליינע שעפעליך, בייגען אן צו איהם די געקרייזעלטע קעפעליך ער זאל זיי גלעטען.

— איהר זענט הונגעריג ? — זאגט צו זיי יוסף הצדיק — אט וועלען מיר באלד עסען. מיר האבען אייך געבראכט אלע גוטע זאכען.

און ער רעכענט זיי אויס אלע „גוטע זאכען", וואס מע האט היינט געבראכט, און די קליינע שעפעליך קוקען זיך איבער, שלינגען די שליים און בעלעקען זיך. און יוסף הצדיק גלעט זיי די געקרייזעלטע קעפעליך, שלונגט די שליים גלייך מיט זיי און בעלעקט זיך אויך... זיי קוקען שוין ארויס מע זאל געהן צום טיש, זיך נעמען צו דער אכילה... נאט האט זיי געהאלפען, דער קעניג אחשורש נעמט זיך צום פלעשיל, גיסט אן א גלעזיל בראנפען און טרינקט דעם ערשטען כוס לכבוד דעם „הייליגען" יום טוב פורים ; און נאך איהם נעמען אלע צו גלעזליך בראנפען ; און מע זעצט זיך צום טיש, אלע פון גרויס ביז קליין, אחוץ פריידי־עטיל, וואס פארעט זיך ביים אויבען ; און אפילו דער שווארצער קאטער הארפט זיך אויף, גלייכט זיך אוים דעם רוקען מיט א גענייץ און געהט צום טיש און שטעלט זיך אוועק אקעגען אוןווארט, טאמער וועט ער עפיס נאשען פון דער סעודה... איך און יוסף הצדיק און די נאקעטע שעפעליך מיט די געקרייזעלטע קע־פעליך זעצען זיך אוים אלע אויף א לאנג בענקיל, וואס הונקט אויף א פוס

און א פארטרעט!

א שטאלצע נקבה, א ריעז... א בליק פון איין אמת'ער שררה'לע, חאטש זי פאלט שוין אויף די קניע! און דאך, האט זי עפעס ארום די ליפען; אזוינס וואס זאגט עפעס צו, וואס רייצט און רופט צו זיך; וואס ציהט, און לאזט זיך נישט אבריסען...

איך בין דאך א שניידער, האב איך דאך נענוג קליידער געמאסטען, שענע נקבות און פריצות געזעהען, - וואס זאל איך אייך זאגען — אזוינס האט זיך מיר אפילו נישט געחלומט!

דער יצר הרע אליין!

דאס הארץ קלאפט אין מיר ווי ביי א גזלן!

איך פערגעס שוין ווער איך בין, וואס איך בין; ווער און וואס זי איז; מיין באבעס דאגה!

איך ציה מיך אויס ווי א סטרונע און ווארט אויף איהר ווי א וד אויף משיח'ן, ווי א פרומע נשמה אויף עולם הבא!

ס'גיט א קלונג! „די פריצה געהט!" פערטייטשט דער לאקיי. נעמט ער מיך אן, שטעלט מיך גלייך געגענאיבער דעם לעכיל אין טהיר, נייגט זיך פאר מיר מיט א שמייכעל, און געהט ארויס פון סאליע.

דאכט זיך, ער מאכט חוזק פון מיר, און ביי מיר, איז עס שוין קיין שפאס נישט! און איך שטעה און ציטער א ריהר צו טהון מיט א ברעם.

און די פאר סעקונדען, וואס איך בין געשטאנען, זענען יאהרען געווארען!

ווייטער א קלונג און עס קומט אריין דער לאקיי, פערוואונדערט, און זאגט:

— געפעלען, זאגט ער, נאר...

— פרעג איך: וואס נאר?

— נאר אומריין — זאגט זי — ביסט דו... אין באד אריין הייסט זי דיך פיהרען!

און — איך וועל אייך דא נישט לאנג ברייען...

איהר זעהט דאך, אז איך בין צוריק שניידער; פערשטעהט איהר דאך, אז דער שדוך איז נישט עולה יפה געוועזען... נאר דער „געפעלען — נאר" איז געוועזען אהן א שיעור און אהן א ערך, דעם מארך פון די ביינער האט עס מיר ארויסגעצויגען!

פריהער האט מען מיך געבאדען, דער ברוד זאל אראב, דער שווייס זאל אראב... מילא, איין ארימער שניידער, פון וועג, נעגאנגען צו פיס, איז אבער ווייטער —

— געפעלען, נאר...

וואס נאר? די מלבושים מיינע געפעלען איהר נישט...

זאג איך דעם לאקיי, איך וועל שיקען נאך מיין שבת'דיגע קאפאטע, — מאך איך מיך, הייסט עס, גרויס; פאר אונז, זאגענדיג, האב איך קיין שבת'דיגע קאפאטע נישט פערמאגט!...

וויל זי אבער, איך זאל מיך אנטהון דייטש...

ווילט זיך מיר נישט! וואס איז עס פלוצלינג — דייטש?

דערמאנט מיך אבער דער יצר הרע, אז איך האב געזעהען א מאל פראנקפורט־ד'מיינער רב, וואס איז ארומגעפאהרען זאמלען נדבות אויף א ישיבה און אויך געגאנגען דייטש, — מילא, אז א ראש ישיבה מעג, מעג איך דאך אוודאי, בעשטעה איך...

הייסט מען מיך אוועקווארפען דעם ארבע כנפות, — טראכט איך: הלמאי א יודענע, האט אויך א חלק עולם הבא, און בענעהט

און עס שאקעלט זיך; און מיר, קליינווארג, צולאכען זיך פונ'ם הינקעדיקען בענקיל אזוי ווי פון דער שענסטער קאמעדיע, און ערשט דא דערזעהט מיך "חברה" און וואונדערט זיך: עפיס א נייער, ניט קיין קענטליכער פארשוין!

— ווער איז דער אנרעם? — פרעגט דער קעניג אחשורש.

יוסף הצדיק דערצעהלט זיי ווער איך בין און ווי איך קום אהער. דעם עולם איז דאס א פנים שטארק געפעלען, מחמת איטליכער נעהט צו, טהוט מיך א זעץ איבער דער פלייצע, א קניפ אין בעקיל און איטליכער זאגט איין אנדער ווערטילי געוויינטליך צום גראם, און די סעודה הויבט זיך אן. פריידי־עטיל טראגט צו פונ'ם אויבען שטארק געפעפערטע פיש מיט קארטאפלים, און חאטש זיי זענען נישט פערפראוועט מיט אלערליי געווירצען ווי ביים זיידען רב מאיר; נאר זיי ווייזען מיר אוים דווקא ועהר בעטעמ'ט. איין חסרון נאר וואס זיי זענען פול מיט ביינדליך! דערפאר עסען אבער אלע פון איין טעלער, און דאס איז מיר דוקא שטארק געפעלען; איטליכער שטופט דעם נאפעל—ס'איז פרעהליך! נאך די פיש נעמט "חברה" ווידער צו ביסליך בראנפען, און מע טרינקט לחיים, און מע ווערט לעבעדיג נאר אויף איין אנדער אופן; מע שטעהט אויף פונ'ם טיש, מע נעמט זיך פאר די הענד און מע נעהט גאר א טענציל, און מע זינגט א לידעל:

וואס מיר זענען
זענען מיר,
אבער יודען
זענען מיר!
וואס מיר האבען
האבען מיר,
אבער צרות
האבען מיר

— רוססקאווא פעסניא! — צושרייט זיך מאנדריש אויף א קול — רוססקאווא פעסניא פאדאוואי!...

און „חברה" זינגט א רוסיש לידעל, טאנצט און פלעסקענט צו מיט די הענד:

גאדרא ונאט
קאק נוליאט!
פערעד באנאם
אטוועטשאט!
מי פיאם מי גוליאיעם, —
וְאַתָּה מֶלֶךְ חַי וְקַיָּם!
לאמיר יודען טרינקען לחיים!
לְשָׁנָה הַבָּאָה בִּירוּשָׁלַיִם!

— איא ס'איז ביי אונז גוט? — זאגט צו מיר יוסף הצדיק, וואס האט איבערגעהאפט דעם הונגער און איז געווארען גאר איין אנדער מענש, און ער נעמט אביסיל בראנפען, און ער גיט מיר אויך אביסיל בראנפען, און שלעפט מיך טאנצען. איך ווייס ניט וואס מיט מיר איז די שמחה אזוי גרויס, נאר איך פיהל מיך עפיס זעהר אויפגעלייגט; איך פיהל אז ס'איז מיר גוט, גוט אהן איין עק! פלוצים...

ו.

פלוצים עפענט זיך די טיהר און איך דערזעה דעם טאטען מיט'ן רבין רב איצי און עס ווערט מיר פינסטער אין די אויגען. וואס דער טאטע האט געקלעהרט, בשעת ער האט מיך דערזעהען טאנצען מיט "חברה" אין קאהן ווייס איך ניט. איך האב נור געזעהען, אז ער איז געבליבען שטעהן צוגעקאוועט צום ארט, געקוקט אויף מיר, אויף דער חברה און אויפ'ן רבין.. דער רבי האט געקוקט אויף מיר, אויף דער "חברה" און אויפ'ן טאטען, איך האב געקוקט אויפ'ן טאטען, אויף דער "חברה" און אויפ'ן רבין... און "חברה" האבען געקוקט אויפ'ן טאטען, אויפ'ן רבין און אויף מיר... קיינער פון אונז האט ניט געקאנט אויסרעדען א ווארט. איז ארוים געטראטען ממוכן און האט זיך אנגערופען מיט א גראם ווי זיין שטייגער איז.

זיך אָהן אַרבע כנפות! גיב איך אוועק די ציצית... אַז עס איז איהר איינגעפאַלען!

פרעגט מען מיך, צי איך קען רעדען פריציש לשון, זאָג איך: אַוודאי! איך האָב דאָך געניים ביי פריצים! געניים, געפרעסט, געמאָסטען... אויף פריציש לשון געזונגען זיך, געקרינט זיך, געבעטען זיך, און די צייהן פערריבן... זאָגט מען: ניין, דאָס איז ווענין! מען מוז קענען לעזען און שרייבען אויך!

גיט מען מיר אַ לעהרער... לערען איך גראַמאַטיק שוויץ איך! אויסלערנען ווער איך מיך, אַ יודיש קעפיל האָב איך... נאַר און דא איז דער הונד בענראָבען — לערען אומגעגעסען... פשוט אומגעגעסען, וואָרען עיקר שכחתי — האָטש אַ שניידער, געהם איך מיט טהיי מיט געבראָטענע קאַרטאָפעל, קיין טרפות עס איך נישט... איז מיר טאַקי שווער... פאַל איך אַביסיל אָב... איך קען אַביסיל גראַמאַטיק, איך רעד שוין קיין מעשה נישט מיט דער רי״ש, נאַר— איך פאַל אַריין אין דער דאָרר...

אין די פריצה וויל דוקא אַ מענש!

עסען הייסט זי!

הייבט זיך ווייטער אָן אַ מעשה מיט׳ן יצר הרע!

פת עכו״ם, זאָגט ער, איז נישט פון די גרויסע זאַכען... אין אַסך יודישע הייזער קויפט מען שוין דייטשע זעמעל... פון חזיר רעדט מען נישט! פריצים עסען אויך אַנאַנץ יאָהר קיין חזיר נישט... אלא וואָס? וויעלקאַנאָץ? אָדער דו ווערסט דיך ביז דעמאָלט צוגעוועגען, אָדער דו ווערסט דיך דעמאָלט מאַכען קראַנק. לענען אין בעט אַריין און הייסען דיר דערלאַנגען איינגעמאַכטס! און אפשר ווערסט דו ביז דעמאָלט דער פריצה אַזוי געפעלען, אַז זי וועט אויך עסען כשר׳ים, און וועט דיר צוליעב מאַכען אַפילו אַ קוגעל!

הער איך איהם, לכתחלה, ווי׳ן רב... פאַר טרפות האָב איך אַביסיל אָבשיי... אַ פריצה פערנעהט – גיהנם בעשטעהט! איין אייביגע זאַך!

נעמט ער מיך אָבער, דער ממזר אויף קאַוויאָר...

און קאַוויאָר איז שוין אַ ספק.

ע־שטענס, — פון וואַנעט, — זאָגט ער, —ווייסט דו, אַז קאַוויאָר איז פון טרפה׳נע פיש; אפשר איז עס נאָר פון כשר׳ע פיש!

און צווייטענס — עסט מען קאַוויאָר מיט ציבאַלים!

שפּרינג איך שיער אויס דער הויט אַרויס! ש׳ין דריי וואָכען דעם כשר׳ען ריח נישט געפיהלט; אוים מענש בין איך אהן אַ ציבאַלע!

טראַכט איך מיר, לאָזען זיי נור געבען קאַוויאָר! איך וועל עסען די ציבאַלים... פאַר דיך ארץ וועל איך קוים קוים פערזוכען די שוואַרצע רויגען אויך...

הויב איך אָן עסען קאַוויאָר; ווער איך אַביסיל פולער...

קוק איך אין שפּיגעל אַריין—אַ גאַנצער מענש! וואָס אַ מענש— אַ גאַנצער פריץ בין איך! די אויגען ריין, אויסגעשלאָפען... די באַקען בליהען ווי די רויטע עפעל! און פלייצעס!

וואו די פאות זענען אהינגעקומען, אָסור אויב איך ווייס... צי האָט מען זיי מיר נישט אין שלאָף אונטערגעשניטען? די באָרד איז אויך ערגיץ אַוועקגעקומען... מיין באָבעס דאַנה! אומשטיינס געזאָגט, וואָס מיין גאַנץ שניידעריש שפּיצינ בערדיל איז ווערט געוועזען! אָבער אַ יונג מיט די ביינער בין איך... דער פריצה געפעלען מוז איך!

האָב איך דאָך אָבער פאָרט אַ שטיקיל יצר טוב אין מיר; הייבט ער אָן זאָגען: ווי הייסט, נישט מיט קיין יודיש קינד...

קומט דער יצר הרע און פערמאַכט איהם דאָס מויל.

— וואָס שטעהט איהר אין איינע יסורים? ס׳איז דאָך היינט עפּיס פורים? לאָמיר מאַכען אַ כוסה, און דווקא אַ גרויסע! פערבייסען מיט פלאָדען, סע האָט זיך געפונען אייער שאָדען!..

און ממובן טראָגט אונטער דעם טאַטען אַ גלעזיל בראָנפען מיט פערבייסען, דער טאַטע שטופט איהם אב פון זיך אָהן ווערטער. ממובן פאַלט ביי זיך ניט אַראָב און רעדט ווייטער.

הנגיד רב אשר ב״ר מאיר! איך געפעל אייך ניט אין שלייער? וועל איך טרינקען אַליין, וְנאמר אָמן!...

און ממובן קעהרט איבער דאָס גלעזיל בראָנפען און זינגט אַ ליעדעל:

וואָס מעהר קבצן
מעהר הוילאַנקע!
וואָס מעהר נגיד
מעהר סאַבאַקע!
וואָס מעהר אָביון,
מעהר ספּיוואַקע!
וואָס מעהר עושר
מעהר סוויניאַקע...

— מאָנדריש וואָס שווייגסט דו? מאַך זיי אַ מִי שֶׁבֵּרַךְ די נגידים פון שטאָדט און טרונק אַ כוס פון זייער כבוד וועגען!

און מאָנדריש ניסט זיך אָן אַ גלעזיל בראָנפען און מאַכט אַ מי שברך די נגידים פון שטאָדט:

„מי שברך! נעמען זאָל זיי קורח! קורח זאָל זיי נעמען! עסען זאָלען זיי ווערעם! ווערעם זאָלען זיי עסען! אָן נאָט זאָלען זיי פערגעסען! פערגעסען זאָלען זיי אין גאָט! שיכור זאָלען זיי זיין ווי לוט! ווי לוט זאָלען זיי זיין שכור, אין מויל זאָל זיי זיין ביטער! ביטער זאָל זיי זיין אין מויל! שיסען זאָל זיי אַ קויל! אַ קויל זאָל זיי שיסען!....

— וואָס שווייגט איהר זיי, רב אשר׳ל!? — רופט זיך אָן דער רבי רב איצי און טהוט אַ רעכטען שמעק טאַבעק און אַ קנאַק מיט צוויי פינגער אין דער לופטען.

— איהר זעהט דען ניט אַז ס׳איז שכורים? — זאָגט דער טאַטע אויסער זיך פון כעס און נעמט מיך אָן ביי דער האַנד אַזוי שטאַרק. אַז עס טהוט מיר וועה, און מיר געהען אַרוים אַלע דריי פּינ׳ם קעניג אחשורש אָהן אַ זייט געזונד. אין דרויסען שטעלט זיך דער טאַטע אָב, טהוט אַ קוק אויף מיר, און שענקט מיר צוויי רעכטע פעטש.

— דאָס זאָגט ער — איז ערשט איין אופנאַב. דיין פסק ווערסט דו ערשט האָבען אין דער היים פונ׳ם רבין... הערט ושע צו, רב איצי! איך געב אייך איהם איבער אויף אייערע הענד! איהר זאָלט איהם קאַטעווען וויפיעל עס וועט אין איהם אַריין! בלוט זאָל געהן! אַזאַ בחוריל פון כמעט דאָס נייענטע יאָהר! ער זאָל געדענקען ווי אַזוי נאָכצולויפען פורים שפּילער, קאָמעדיאַנטשיקעס, שלעפּערעס!.. פערשטעהרען אַלעמען דעם יום טוב!..

איך לאָז נישט קיין טרעהר, נאָר איך פיהל אַז עס פלאַמט מיר אַ באַק און דאָס האַרץ איז מיר שוועהר ווי אַ שטיין. איך קלעהר נישט פון דעם פסק וואָס איך וועל האָבען אין דער היים פונ׳ם רבין. מיין קאָפּ איז מיר נאָר ערגיץ אַנדערש. מיינע מַחְשָׁבוֹת וענען נאָר דאָרטען, ביים קעניג אחשורש, ביי יוסף הצדיק, ביי די קליינע נאַקעטע שעפעליך מיט די געקרייזעלטע קעפּעליך. און אין די אויערען הערט מיר ניט אויף צו קלינגען דאָס זיסע רוסישע לידעל:

נאָדאָ זנאַט
קאַק גוליאַט!
פערער באָגאָם
אטוועטשאַט!
מי פּיאָם! מי גוליאַיעם!
ואתה מלך חי וקים
לשנה הבאה בירושלים!...

— ווי הייסט זאָגט ער, און משה רבינו מיט בת יתרו? וואָס?

איי וואָס, — קודם מתן תורה, אָבער משה רבינו, נישט קיין פּוסטע שניידערל...

און אֶסתר המלכה איז אויך, דאַכט זיך, א יודיש קינד געוועזען, א שפאס — אֶסתר המלכה, און האָט גענומען א גוי — איין אחשורש! אַזאַ נאַרישען אחשורש... און מען מאַכט נאָך א יום־טוב דערפון!

איי וואָס? זי האָט יודען א טובה געטהון, וועסט דו אויך טובות טהון! די פּריצה האָט קיה, וועסט דו זיי אָוועקגעבען ביליג די פּאַכט... זי האָט קרעטצמים, וועסט דו אַריינזעצען יודען... וועסט זעהן, עס וועט זיין א יום־טוב!

דער יצר טוב וואָלט אפשר געענפערט, קומט אָבער באותו הרגע אַריין די פּריצה, הער איך איהם נישט!...

בכבודה ובעצמה די פּריצה, — טויזענד מאָל שענער פאַר'ן פּאָרטרעט! און א לאָקיי טראָגט נאָך א גאָלדענע טאַץ... אויף דעם טאַץ צוויי גאָלדענע בעכער, איין אַלטע פלאַש וויין...

„לחיים" וויל זי מיט מיר טרינקען...

„נסך" שרייט דער יצר טוב.

„וואַנצען!" פערטוּיבט איהם דער יצר הרע...

און באמת, וואָס איז פּסח נאָך גאָהלען די באָרד, אָנטהון דייטש, עסען טרפות? זעץ איך מיך איהר צופיסענס און טרונק...

לחיים און לחיים!

זי גיסט; איך טרינק!

נאָך אפּאָר כוסות קוש איך איהר די זוים פון קלייד...

נאָך א כוס! דערלאַנגט זי מיר די שפּיץ פינגער צום מויל... לאַנגע, שמאָלע, ווייס־רויטליכע פינגער... כצפיחות בדבש!

פרעגט זי מיך, אויב איך וויל טרונקען איהר געזונד פון איהר פּאַנטעפאַלע...

— א שאלה דאס איז!

[illegible] א שאַד וואָס זי האָט אַזוינע קליינע פיסאַליך — [illegible] קליינע פּאַנטעפאַליך! [illegible] וואָלט איך אויסגעטרונ־[illegible] שטיוועל, מויערישע [illegible]!

[illegible] איך דאָך אָבער א שניידער. טהו איך מיר איין עצה!

[illegible] איך צוויי פּאַנטעפאַליך; [illegible] אַמאָל צוויי...

פרעגט זי מיך צי איך קען זינגען?

א שאלה דאס איז?

וועלכער שניידער קען עס נישט זינגען?

דער קאָפּ [illegible] זיך, די צונג לויפט אביסעל, נאר זינגען מוז מען, א שניידער [illegible], אהן א נלעזעלע און אָהן געזאַנג [illegible] איז נישט מעגליך!

שטעל איך מיך אויף און הויב אָן!

און וואָס הויב איך אָן?

מיין אלט ליעדעל, אלע זינגען עס!

— וואָס מיר זענען, זענען מיר,
אָבער יודען זענען מיר!
וואָס מיר טהוען, טהוען מיר,
און כפּרות שלאָגען מיר!

הערט זי כפּרות; ניט זי א קלונג...

קומען אַריין דריי לאַיקען, פרעגען מיך נישט א וואָרט, נעמען מיך אָן און וואַרפען מיך אַרויס דורכ'ן פענסטער!

פאַל איך...

גוט וואָס איך בין געפאַלען אויף עפּיס ווייכס; די ביינער וואָלט איך געקליבען!

מיין איך, איך בין געפאַלען אויף הויך גראָז, ווייזט זיך אויס — אויף בעט געוואַנט...

אויף יונה דבשה'ס בעט בין איך געפאַלען!

א שכור'ער, פּורים'דיגער חלום געוואָרען!

צו אַלדע שוואַרצע יאָהר, צו זייערע קעפּ, צו מיינע שונאים'ס קעפּ...

מילא, איך האָב געוואָלט געהן צו יונה דבשה'ן און געגאַנגען, א שיינע כפּרה!

א בייזער חלום, — מיין באָבעס דאגה!

זיי זאָגען אָבער, אז שכור'והייט בין איך פאַר יונה דבשה'ס טאָכטער, וואָס קוקט אויף מיר מיט צוויי שיסעל סמעטענע ווי א שאָף אויף זאַלץ, א חתן געוואָרען — דאָס איז נישט גוט!

י. ל. פּרץ.

---

# אין שְׁנֵיי.

ערצעהלונג

פון מ. ספּעקטאָר.

I.

עס איז געוועזען אין דעם יאָהר, ווען עס איז געשטאַנען דער לאַנגער שטאַרקער ווינטער, כמעט ביז פּסח האָט מען געזעהן אויף די פעלדער ליגען שניי, יום־טוב האָט געקאָפּעט פון די דעכער און אַלטע לייט האָבען דאַן דערצעהלט, אז שוין זייט צוואַנציג יאָהר, ווען עס איז געוועזען דער ערשטער "פריזעוו", איז אַזאַ גרויסער לאַנגער ווינטער ניט געוועזען.

און ווי יעדעס יאָהר דריי־פיער טעג פאַר פּורים האָט זיך לייזער לאַפּאַטניק אויף דעם ווינטער געקליבען אין וועג אַריין. די שמחה אין זיין נידריג האַלב פינסטער שטיביל איז דאַן געוועזען גרויס, דעם גאַנצען ווינטער האָבען די קינדער און זיין ווייב געוואַרט אויף זיין רייזע, נאָר לייזער אַליין איז דאַן געוואָרען טרויריג, זיינע פערוואַקסענע ברעמען האָבען זיך מעהר אָנגערוקט איבער די אויגען, און ער האָט זיך געשעמט יעדען גלייך אין די אויגען קוקען... נאָר פאָהרען מוז ער...

— ווען וועט מיך שוין נאָט בעפרייען פון מיין פאָהרען יעדעס יאָהר פאַר פּורים, פלעגט לייזער טראַכטען און א שטילען זיפץ געבען, אז זיינע קינדער זאָלען ניט בעמערקען. ער פלעגט זעהן ווי זיי פרעהען זיך און בלישטשען מיט די אויגעליך פון שמחה, ווי זיין ווייב קוקט אויף איהם מיט א תפלה, וואָס האָט דאָס האַרץ געריסען אויף שטיקער, דאַן פלעגט ער זיך אָננעמען מיט קוראַזש און איז געוועזען גרייט אויף אַלעס און האָט זיך געקליבען אין וועג אַריין...

אין יאַליסאַוועטגראַד, וואו לייזער האָט א סך יאָהרען געוואוינט און וואו יעדער האָט איהם געקענט, האָט ער זיך געשעמט פּורים בעטען א נְדָבָה, ער וואָלט געשטאָרבען פאַר בושה, ווען אייִמעצער זאָל זיך דאָ דערוויסען און ער פלעגט דערום יעדעס יאָהר אויף פּורים פאָהרען קיין קרעמענטשוג און פון דאָרט אויף שושן־פּורים פאָהרען נאָך אַפּאָר סטאַנציעס [illegible] קיין פּאַלטאַווע.

ווי קומט דאָס צו לייזער לאַפּאַטניק, וואָס האָט מיט־לאָגען זעק מיט ברויט אויף זיינע פּלייצעס איבערגעטראָגען און גאַנצע טעג וויין

און קאָרען מיט זיין לאָפּאַטע איבערגעקעהרט, ווי קומט דאָס צו איהם, מיט וועלכען זיין ווייב פּלעגט שטאָלציערען און פאַר וועלכען זי פּלעגט לויבען דעם וואָס לעבט אייביג, וואָס האָט איהר באַשערט אַ מאַן מיט "גילדענע הענד". לייזער האָט געקענט ארבייטען פאַר דריי, קיין ארבייטער האָט זיך מיט איהם ניט געקענט פערגלייכען, קיינער האָט אַזוי גרינג ניט געטראָגען אויף טרעפּ זעקס און זיבענפודיגע זעק ווי לייזער. ביי קיינעם האָט זיך אַזוי שען ניט געשיט פון דער לאָפּאַטא די זערנעס, ווען מען האָט דעם ווייץ געליפטערט,—אַזוי שען און גלייך ווי די טראָפּענס פון אַ רעגען. ביז צוויי רובל אַ טאָג פּלעגט לייזער קענען פערדיענען מיט זיינע גילדענע הענד און זיין ווייב און קינדער זענען שטענדיג געוועזען זאַט און אָנגעטהון, אין זיין שטוב האָט זיך יעדען טאָג געקאכט אַ מיטאָג פון פלייש און ביים עסען האָט זיך לייזער ניט געשפּאָרט נעמען אַפּאָר ביסליך בראָנפען,—און שבת?—שבת איז אין זיין שטוב געוועזען ווי ביים גרעסטען גביר,—פון מיטאָג ביז מנחה־דאַוונען איז מען געשלאָפען ווי נאָך אַ באָד... און זיך דערנאָך געפיהלט אַזוי געזונד און שטאַרק אַז מען איז געוועזען גרייט ווידער אַ גאַנצע וואָך בערג איבערקעהרען.

נאָר איין מאָל, ווען לייזער האָט געטראָגען דעם צוועלפטען זאַק אויף די טרעפּ, ער האָט נאָך געהאַט פינף טרעפּ צו געהן מיט דער משא, האָט זיך פּלוצים דער זאַק עפּיס אַ דרעה געטהון, ער געדענקט ניט ווי אַזוי, ער האָט נור געוואָלט דעם זאַק העכער אויף די פּלייצעס אונטערוואַרפען, נאָר עס האָט עפּיס געגעבען אַ קנאַק — און ווייטער געדענקט ער גאָר ניט...

ווען מען האָט איהם פון בקור־חולים אויסגעשריבען, האָט ער זיין ווייב און קינדער ניט דערקענט, אַזאַ שלעכט פּנים האָבען זיי אַלע בעקומען, אָהן זיינע גילדענע הענד האָבען זיי געבעך די גאַנצע צייט געהונגערט. לייזער האָט שוין נאָך זיין קריינק ניט געקענט טראָגען קיין זעק ווייץ און ארבייטען מיט דער לאָפּאַטע און ער האָט אָנגעהויבען שטעהן צווישען די קלייטען אין מאַרק ווי אַ פּראָסטער שטאָדט־טרעגער. קליין זענען געוואָרען זיינע פערדיענסטען, איבער זיין ביין, וואָס האָט איהם ניט אויפגעהערט ברעכען און וועה טהון, האָט ער ניט געקענט קאָנקורירען מיט אַנדערע טרעגער, נאָר קליינע פעקליך האָט ער געקענט טראָגען, אבער וויפיעל מאַכט זיך אין טאָג אַזוינע גרינגע פּעקליך? ער פּלעגט קומען אַהיים מיט צעהן־פופצען קאָפּיקעס און אַמאָל מיט גאָר ניט.

נאָר ווי אַזוי עס איז, האָט מען ביז פּורים געלעבט האַלב הונגעריג, ווייטער אָבער האָט מען שוין ניט געקענט אויסהאַלטען. קיין גאַניץ העמד אויפ'ן לייב, אַ גאַנצען ווינטער זענען זיינע קינדער געלעגען נאַקעט און באָרוויס אין שטוב, ניט אָנגעקוקט די ליכטיגע וועלט, און דאָ הויבט זיך באַלד אָן דער גרויסער יום־טוב. די פאָר רובל דירה געלד האָט מען אויך צוגעזאָגט אויף נאָך פּורים, מען זאָל ניט ארויסוואַרפען אויף דער גאַס אין מיט'ן ווינטער, וואָס טהוט מען? חאָטש לעג זיך און שטאַרב און... לייזער לאָפּאַטניק פּלעגט פאַהרען אויף פּורים קיין קרעמענטשוג און קיין פּאָלטאַווע...

אַלע צרות, נויט און הונגער, וואָס זיין ווייב און קינדער האָבען דאָס גאַנצע יאָהר איבערגעליטען, האָבען זיי פערגעסען, ווען לייזער פּלעגט זיך קלויבען אין וועג אַריין. אַ בעסער לעבען מיט גוטע האָפענונגען האָבען זיי שטענדיג ערוואַרטעט פון זיין וועג, אַלעס גוטס פּלעגט ער פון וועג ברייגנען און דערצו צוואַנציג רובל מזומן, גרינגער האָט זיך אָנגעהויבען לעבען, ליכטיגער איז געוואָרען אין די אויגען און דאָ האָט זיך באַלד אָנגעהויבען דער ליעבער וואַרעמער ליכטיגער זומער...

II.

נערעש'ט האָט זיך איצטער אין לייזערס שטיביל, זיין ווייב האָט איהם אָנגעפּאַקוועט אין אַ זעקיל דריי פינפפונטיגע קאָרענברויט, אַ פאָר קנאָבעל, עטליכע ציבעלעס און אַ פּלעשיל ספּירט, אַזאַ באַנאַזש האָט ער יעדעס יאָהר מיטגענומען אין וועג. זיך פערלאָזען אויף קרעמענטשוגער מאַרק־ברויטליך האָט לייזער ניט ליעב געהאַט, זיי וואָלטען איהם געקלעקט אויף איין צאָהן און וואו זאָל ער נעמען אַזוי פיעל געלד? זיין ווייב פּלעגט איהם פון לעצטען, פון געבאָרגטען אָבבאַקען אַ געבעקיל ברויט, ער זאָל האָבען אויף דער גאַנצער צייט, וואָס ער וועט זיין אין וועג און אָהן אַ ביסיל בראָנפען האָט לייזער עד־היום ניט געקענט עסען.

ער האָט אָנגעטהון זיין וואַטאָווע לאַנג לייביל, פון וועלכען עס האָט ארויסגעשטעקט קויטיקע שטיקער וואַטע, זיך ארומגעוויקעלט מיט אַ שטריק, אָנגערוקט זיין היטעל, זיך ארומגעבונדען דעם קאָפּ מיט דעם ווייבס צוריסענע פאַטשיילע, פערבונדען די צוריסענע שטיוועל מיט שטריקליך, זיי זאָלען אין גאַנצען ניט צופאַלען, אַ מאַך געטהון זיין ווייב און קינדער מיט דעם קאָפּ און מיט דעם זעקיל אויף די פּלייצעס איז ער אַוועק צום וואָגזאַל.

אַ שניי האָט געשאָטען און אונטער די פיס האָט געסקריפּעט; ווען ער איז געקומען אויף דעם וואָגזאַל, האָט ער געהערט אַז קיין "פּאַוועסטקע" איז נאָך ניט דאָ, דער צוג האָט פערשפּעטיגט איבער דעם גרויסען שניי, מען האָט געוואַרט אין וואָגזאַל אַ צוויי שעה, איינינע האָבען זיך אומגעקערט צוריק אין שטאָדט אריין, נור לייזער האָט געמוזט זיין אויף פּורים אין קרעמענטשוג.

אין אַ שעה ארום האָט זיך געעפענט די קאַסע. לייזער האָט געקויפט אַ בילעט, דער צוג איז אָנגעקומען, און ער איז אריין אין וואַגאָן. די וואַגאָנעס האָבען אָנגעהויבען ריהרען, לייזער האָט קיין פּלאַץ ניט געפונען, וואו זיך צו זעצען, חאָטש פּלעצער איז געוועזען גענוג, נאָר דער האָט פערנומען צוויי פּלעצער און דער האָט זיך אויסגעצויגען אויף דער גאַנצער באַנק, קיינער האָט איהם ניט פאַרגעלעגט קיין פּלאַץ, און ער האָט ניט געוואָגט זאָגען אייניצען, מען זאָל איהם אויך לאָזען זיצען, ער איז געוואָהנט צו שטעהן און קיינעם ניט שטערען און לייזער איז איצט פאָהרענדיג געשטאַנען.

איינע אַ דאַמע וואָס איז געלעגען אויסגעצויגען אויף אַ באַנק, האָט אָנגעהויבען רעדען צו איהר אקעגענדיגען שכן, אַ יונגער מאַנטשיק אין פּענסנע.

— דער שמוטציגער באָסיאַק שטעהט די גאַנצע צייט נעבען מיין באַנק און דענקט גאָר ניט אַוועקצוגעהן.

— אַזוינע "פּאַסאַזשיערען", האָט דער יונגערמאַנטשיק געענטפערט, וועלען ניט אַוועקגעהן, ביז מען וועט זיי ניט אַוועקטרייבען.

לייזער האָט פערשטאַנען אַז מען מיינט איהם, איז ער אַוועקגעגאַנגען פון דער דאַמעס באַנק און זיך געשטעלט אויף איין אַנדער אָרט.

דער שניי הערט ניט אויף צו שיטען און שיטען, אַלע פינף מינוט שטעלט זיך דער צוג, מען הערט לאָפּעטעס שאָרען, מען הערט ווי מען לויפט אָרום דעם צוג, דער ווינד וואָיעט און פּאַטשט אין די פענסטער. אין וואַגאָן חאַפּען זיך אריין ארבייטער, וואָס רייניגען דעם וועג אָבגעשיט פון קאָפּ ביז די פיס מיט שניי—ווייסע ווי מתים, זיי ווילען זיך דאָ

אַביסיל אָנוואַרמען, נאַר מען טרייבט זיי באַלד אַרויס ווייטער אַרבייטען.—דער צוג ריהרט וויעדער.—

די נאַכט האָט זיך אָנגערוקט, און דער צוג שלעפּט זיך ווי מיט אַקסען, די פֿענסטער זענען פֿערפֿראָרען און פֿערשאַטען מיט שניי.

לייזער האָט ענדליך געפֿונען אַ פּלאַץ און זעצט זיך צו. אַ פֿריילין, וואָס זיצט אויף דער באַנק, רוקט זיך אָב פֿון איהם מיט אַ וויערער מינע, לייזער וויל איהר ניט שטערען און רוקט זיך ביז צום עק באַנק, נור אַ שטיקעלע באַנק פֿערנעמט ער, אַבי זיך אָנצושפּאַרען — אַ דרימעל צו חאַפּען.

אויף דער ערשטער סטאַנציע שטעהט דער צוג דריי שעה, די פּאַסאַזשירען זענען אויסער זיך פֿאַר וואָס מען פֿאָהרט שוין ניט, לייזער בעט גאָט, ער זאָל חאָטש מאָרגען אנקומען קיין קרעמענטשוג, איין טאָג זאָל ער זיך חאָטש קענען אויסרוהען און אויסשלאָפֿען, דערנאָך איז אֶסתּר־תּענית—דאַרף מען פֿאַסטען און פּורים מוז מען אַרומלויפֿען דעם גאַנצען טאָג ביז שפּעט אין דער נאַכט, די אַנדערע האַלבע נאַכט מוז ער פֿאָהרען קיין פּאָלטאַווע. שושן־פּורים ווייטער אַרומלויפֿען, ער וואַרט אויף די צוויי טעג אַ גאַנץ יאָהר און ווען ער קומט ניט חס־ושלום מאָרגען קיין קרעמענטשוג איז ער אומגליקליך.

— מאָרגען איז ביי מיין פּ י פּ ע ן געבורטסטאַג, זאָגט די דאַמע צום יונגען מאַנטשיק אין פּענסנע. איך האָב אַזוי פֿיעל מַתָּנוֹת איי יעלסיוועטנראַד פֿאַר איהר געקויפֿט, שטעלט אייך פֿאַר מיין לאַגע, אַז איך וועל ביים מלאָכ׳ל אויף דעם געבורטסטאַג ניט זיין, איך וועל עס ניט איבערטראָגען. די דאַמע נעמט אַ טיכיל צו די אויגען און וויל וויינען.

דער יונגערמאַנטשיק טרייסט זי, אַז מאָרגען וועט זי געוויס זיין צו הויז פֿאַר פֿריה. אֶמת דער שניי הערט ניט אויף, נאַר אויף דעם וואַגזאַל האָט איהם דער „נאַטשאַלניק״ געזאָגט, אַז מען האָט אויף דער ליניע אַרויסגעשיקט טויזענטער אַרבייטער און די דאַמע נעמט צו דאָס טיכיל פֿון די אויגען און בערוהיגט זיך.

צו יעדענס גרויסע פֿרייד הויבט אָן דער צוג פֿון סטאַנציע צו ריהרען, אַלע ווערען פֿרעהליכער און לייזער בינט איבער די שטריקליך אויף די לעכער פֿון זיינע שטיוועל.

— דאָ איז ניט קיין „אובאַרניע״, זאָגט איהם די פֿריילין, אָך! פֿאָהרען מיט דעם דאָזיגען „נאַראָד״ איז אַ ריין אַבקומעניש. קלאָגט זי זיך פֿאַר איהר אנטקעגענדיגען שכן מיט אַ באַבראַווע היטעל.

— פֿערנעמט זיך פֿון דאַנען, ווען ניט רוף איך דעם קאָנדוקטאָר,— טרייבט איהם דאָס באַבראַווע היטעל און לייזער געהט זוכען איין אַנדער פּלאַץ.

און דער שניי שיט און דער צוג שטעלט זיך אַלע מאָל.

III

שוין דעם צווייטען טאָג אַז דער צוג שטעהט אויף איין אָרט אין מיט׳ן פֿעלד פֿערשאָטען מיט שניי ביז די פֿענסטער, די פּאַסאַזשירען זענען אויסגעמוטשעט, פֿרויען קרעכצען, קינדער וויינען און מאַנסבילען זיצען מיט אַראָבגעלאָזטע קעפּ, איינער האַקעט מיט דעם מויל אויף אַ פֿענסטער, ער זאָל קענען עפּיס זעהן וואָס טהוט זיך אין דרויסען, נאַר מעהר ווי שניי זעהט מען ניט. די קאָנדוקטאָרען זאָגען אַלע מינוט צו אַז מען וועט אָנהויבען פֿאָהרען, נאָר מען שטעהט אויף איין אָרט, יעדער איז פֿערטיפֿט אין זיינע טרויריגע געדאַנקען און אַלע רעדען וועגען איין זאַך:

— איך וואָלט איצט געטרונקען אַ גלעזיל טהע.

— איך וואָלט זיך דערקוויקט מיט אַ גלאָז וויין.

— טרינקען קען מען שניי, וואו נעמט מען בעסער אַ ביפֿשטעקס מיט געבראָטענע קאַרטאָפֿעל.

— און איך וואָלט אייך אַלעס מוחל געוועזען און זיך אַ נידערגעלעגט אונטער איין איבערבעט און זיך גוט אויסגעשלאָפֿען.

שוין דעם צווייטען טאָג אַז אַלע הערען ניט אויף וועגען דעמזעלבען צו רעדען און קייען איבער דאָסזעלבע דאָס הונדערסטע מאָל, און עסענוואַרג געפֿינט זיך אין וואַגאָן וואָס ווינציגער, נור ביי געצעהלטע מענשען.

די דאַמע מיט דעם יונגען מאַנטשיק אין פּענסנע זיצען שוין לאַנג מיט לייזערען אויף איין באַנק און עסען פֿון זיין טאָרבע און רעדען מיט איהם פֿריינדליך, די פֿריילין און דאָס באַבראַווע היטעל קוקען מיט קנאה און מיט כּעס אויף דער דאַמע מיט דעם יונגען מאַנטשיק, זיי האָבען אָנגעהויבען צו קוקען אויף לייזערען מיט גוטע אויגען.

לייזער פֿאַסט, עס איז היינט אסתר־תענית און ער טראַכט ווי גוט וואָלט געוועזען, ער זאָל איצטער זיין אין שטאָדט: ער וואָלט געוועזען אין בּית־הַמִּדְרָשׁ, וואו עס איז אַזוי וואַרעם, אויף דער נאַכט וואָלט מען געלייענט מְגִילָה, געקלאַפּט הָמָן׳ן און דערנאָך זיך געוואַשען און געגעסען נאָך דעם תענית, עס קלעמט שוין אַזוי דאָס האַרץ, ביז נאַכט איז נאָך צו וואַרטען אַ שעה דריי פֿיער; גוט, וואָס ער האָט נאָך אין טאָרבע ברויט און אין פּלעשעל איז נאָך דאָ אַביסיל ספּירט.

אַלע האָבען פֿערגעסען אין זייערע אינטערעסען און נייטהיגע געשעפֿטען וועגען וועלכע זיי פֿאָהרען מיט דעם צוג. די דאַמע וועגען פּיפּעס געבורסטאַג און לייזער, אַז ער מוז זיין פּורים אין קרעמענטשוג, יעדער האָט נור געטראַכט וועגען איין געדאַנק—וועגען עסען, און לייזער האָט אויך געטראַכט, עס זאָל שוין ווערען נאַכט, ער זאָל עפּיס עסען, עס הונגערט שטאַרק.

די פֿריילין מיט דעם באַבראַווע היטעל האָבען זיך צו לייזערן צוגערוקט נעהנטער, אָנגעהויבען רעדען מיט איהם, ביז זיי זענען איבערגעגאַנגען אויף דעם, ער זאָל זיי לייען אַ שטיקיל ברויט און לייזער האָט גלייך פֿאַר זיי אויך אָבגעשניטען אַ שטיק.

— איז ניט דאָ ביי עמיצען אַ־דע־קאָלאָן אָדער אַביסיל בראַנפֿען? איז איינער אַריינגעלאָפֿען פֿון צווייטען וואַגאָן, דאָרט איז אַ פֿרוי שלעכט געוואָרען. לייזער איז באַלד אַהין געלאָפֿען מיט זיין טאָרבע און פּלעשעל, מען האָט אויסגעגאָסען אויף איהר קאָפּ דעם בראָנפֿען און געריבען די שלעפֿען.

— איך בין הונגעריג, — האָט זי געזאָגט, ווען זי איז געקומען צו זיך, און לייזער האָט ווידער געעפֿענט די טאָרבע.

די פֿרוי דאָט אַרויסגענומען אַ פֿאַר רובל און איהם געוואָלט בעצאָהלען.

— איך בין ניט קיין בעקער און פֿערקויף ניט קיין ברויט, — האָט ער געענטפֿערט.

עס איז געבליבען נאָך אַ שעה צו נאַכט, לייזערן איז אויפֿגעקומען אויף דעם געדאַנק אז איצטער לויפֿען יודען אין שול לייענען די מגילה, באַלד ענדיגט זיך דער תענית, ווי פֿרעהליך איז איצט אין קרעמענטשוג! און ער האָט זיך אין אַ ווינקעל וואַגאָן געשטעלט דאַווענען מנחה און מעריב.

ווען ער האָט אָבגעדאַוועגט, איז ער אַרויסגעגאַנגען אויף דער פּלאַשטשאַדקע פֿון וואַגאָן זיך וואַשען צום עסען מיט שניי.

ער האט צובינדען די טארבע און גאר ניט געפונען... די פלאש איז אויך געוועזען ליידיג...

— איך האב פערגעסען איבערלאזען, האט ער געבארמאטשעט אונטער דער נאז און געסמאטשקעט מיט די ליפען. ער האט זיך דערמאנט אין דער פרוי אין צווייטען וואגאן, ווי מען האט איהר נעריבען דעם שטריימל מיט זיין בראנפען, ווי זי האט דערנאך געגעסען זיין ברויט און איהרע אויגען האבען געקוקט אויף איהם און געבלישטשעט פאר פרייד... ווארעם און גוט איז איהם ערגיץ געווארען און ער זעהט נייע בילדער: דאס ווארעמע בית המדרש, ער הערט לייענען מיט א שען זים קול די מגילה און מען קלאפט פרעהליך המן־ן, מען עסט געשמאק וועטשערע און מען לעגט זיך [illegible] יארמער הרובע אין בית המדרש שלאפען [illegible] באנק מיט זיין ליידיגער טארבע אין די הענד...

— א מענשען איז ניט גוט געווא[illegible] ער הלשט! האט מען געשריען, מען האט געבראכט שניי און איהם דערמיט געריבען די שלעפען.

קיינעם איז ניט איינגעפאלען, אז דער וואס האט יעדען געטהיילט פון זיין טארבע ברויט, זאל אליין בלייבען חלשות פון הונגער...

---

# אברהמ'ל דער טוידטער.

פון

דוד פינסקי.

איך בין געשטאנען ביי קאצמאן דעם באקאליי־הענדלער אין קראם, ווען עס איז אריין א קליין, זעהר ארים אנגעטהון יודיל פון א יאהר פינף און דרייסיג מיט א ברייטער שווארצער בארד, וואס האט בעדעקט זיין ברייט, דאר פנים, מיט קליינע, שווארצע אויגען, ארום וועלכע עס זענען געלעגען בלויע רעדער, און ניט־טא, מיט א געבעט, ניט־טא מיט א הניפה'דיגען שמייכעל האט ער ארויסגערעדט:

— גוט מארגען, ר' סענדער!

קאצמאן האט אווארף געטהון אויף איהם א בייזען בליק, וועגענדיג מיין קויפעכטס, און מיט כעס געענטפערט:

— דו האסט נישט וואס צו געהן צו מיר. איך האב געזאגט: ניין — איז ניין! אזעלכע מענשען דארף איך נישט.

— ערב פסח, ר' סענדער, זאגט אליין, האט דאס יודיל געזאגט מיט דעמזעלבען טאן. — איהר האט דאך קיין מענשען ניט... קיין מענשען.

— איך בעט דיך, נישט זארגען פאר מיר, האט קאצמאן אבגעהאקט. — זיו וועסט ביי מיר נישט זיין.

— ערב פסח... האט ווייטער אנגעהויבען דאס יודיל. — און איך וואלט וועלען גלאט וויסען, וואס האב איך דא אזוי פערזינדיגט...

— נו, הער, געה! קאצמאן איז רויט געווארען און א מאך געטהון מיט דער האנד אויף דער טהיר.

דאס יודיל האט אבגעשמייכעלט, מיט דעם איינענעם טאן אבגעקרעכצט, עפיס א מורמעל געטהון און איז ארויס.

— אזא פארך! האט קאצמאן איהם נאכגעשיקט — איך זאג אייך היינטיגע מענשען... נ־נ־נו־ו־ו! האט ער זיך געווענדט צו מיר, אבגעבענדיג מיר מיין קויפעכטס.

איך האב גענומען דאס פעקיל און בין שנעל ארויס נאך דעם „היינטיגען מענשען".

ער איז געשטאנען נישט ווייט פון קראם; ארום איהם איז געוועזען א רעדיל פון נאך „מענשען". איך בין צוגעגאנגען צום רעדיל.

— און וויל נישט נעמען?... האט איינער גערעדט גאנץ ערשטוינט. — א־א־א! ער האט ארומגעקוקט די ארומיגע, דריקענדיג די אקסלען און טרייסלענדיג דעם קאפ.

— אט דער הערר האט אויך געהערט, האט געזאגט דאס יודיל, ווייזענדיג אויף מיר. אלע אויגען האבען זיך געווענדעט צו מיר.

— איין אכזריות! האט א צווייטער אונטערגעהאפט — ערב יום־טוב, א גרויל... און פאר וואס? פאר ווען?

— אויף קאצמאנ'דלען פרעגט ער קשיות, האט א דריטער געזאגט.

— ע־ע־עך־עך־עך! האט דאס יודיל אבגעקרעכצט. — איך וויים, איך וועל פרובען א שיק טהון דאס ווייב.

ער איז ארוים פון רעדיל און געלאזען זיך געהן מיט לאנגזאמע טריט. איך בין צוגעגאנגען צו איהם און געפרעגט, וואס האט ער אזוי פערזינדיגט, ער האט אויפגעהויבען דעם קאפ, א קוק געטהון אויף מיר און ארויסגערעדט, א מאך טהוענדיג מיט דער האנד:

— עט!

איך וויל איהם פעראינטערעסירען און זאג:

— קאצמאן מוז זיין א גוטע סחורה.

— הם, העהעהע! איז געוועזען זיין קורצער ענטפער מיט א קאפ־שאקלען.

— וואס, מסתמא פוגע בכבוד געוועזען.

- פוגע בכבוד געוועזען, ע־ע!... א כהן, א פערקאכט הארץ, א טרפה'נע זעל! האט ער פלוצלינג ארויסגעשאסען מיט הארץ און ביטערנים.

-- איך האב געהערט פון איהם...

— אה... הם... ע־ע! האט מיך דאס יודיל איבערגעריסען: נישט דא, הייסט עס, פון וועמען צו רעדען.

איך האב איהם פארגעשלאגען אריינגעהן מיט מיר אין א שיינק אויסטרינקען א גלעזיל ביער. ער האט איינגעוויליגט. אין שיינק האט ער מיר אלץ דערצעהלט.

---

פון אייביג אן, זייט ער איז א שטיקיל מענש, האט ער א חזקה, פעררופען צו זיך זיינע פריינד פורים צו דער סעודה.

— דאס גאנצע יאהר, ערקלערט ער עס מיר, — דאס גאנצע יאהר איז מען פערהארעוועט, שטענדיג דרעהט דער קאפ. דאס־דאס, דאס־יענס... און אלץ פעהלט, ברוך השם... איז לכל הפחות א יום־טוב, פערגעסט מען זיך א ביסיל, וואס מיינט איהר, וואס טהוט מען? אט גאר נישט... מען מאכט זיך א ביסיל נאריש, צו עסען און צו טרינקען איז דען פאראן א סך? עט!... אויף מיינע שונאים געזאגט געווארען... נאטירליך, מען טאר נישט זינדיגען... אבער גאר נישט... שכור ווערען קען מען נישט!... נאר איך זאג עס אייך אלץ אנקעגען דעם, אז גאר נישט.. נאריש מאכען זיך א ביסיל, ארויסשלאגען א ביסיל די דאגות פון קאפ... און א שטיקיל הוליאקע בין איך...

איך האָב מיך איינגעקוקט אין איהם. עס האָט זיך מיר שווערליך נעגלויבט, אַז דאָס איינגעקאָרטשעטע צונויפֿגעדרעהטע, פֿערחשכטע קליינע יודיל, וואָס זיצט נעבען מיר, זאָל זיין אַ הוליאַקע, אַ פֿרעהליכע ריה־רעווודיגע בריה. ער האָט פֿערשטאַנען מיין קוקען אויף איהם.

— איך האָב פֿיינד צו לייקענען, האָט ער געזאָגט מיט אַ שמייכעל, — איך האָב טאַקי האַלט אַ ביסיל אַ הוליע טהון. אויף דערויף איז מען דאָך אַ יוד, מאַכט מען זיך אַ ביסיל משונע... איך ווייס, מ'ען שפּרינגט, מען הירזשעט ווי אַ פֿערד, מען קרעהעט ווי אַ האָן... אָט גאָר נישט. מען קערט אַ ביסיל די וועלט... וואָס דען? מען מוז דאָך אַ ביסיל פֿערשלאָגען די רעיונות, אַז נישט, וואָלט מען דאָך גאָ־נישט געדאַרפֿט לעבען אויף דער וועלט...

און טאַקי, זיין געהאַלט איז געוועזען צוואָנציג „קאַרבאַוואַנצעס" אַ חדש, האָט ער דערפֿאַר אַ ווייב מיט זעקס קינדער און אַ בלינדע מאַמע. דאָס ווייב האַנדעלט אַפֿילו אונטער מיט פֿעדערן, אַלטע קליידער און נאָך אַזעלכע אַרטיקלען, און די מאַמע מאַכט זאָקען. נאָר „זייערע פרנסות סטייען קוים אויף וואַסער מיט קאַשע".

— נו, מילא, דאָס איז דאָך אַלץ נאָר נישט, האָט ער געזאָגט און ערהעכערט אַ ביסיל דאָס קול, אויסדערצעהלענדיג זיין אָרים און ביטער לעבען, — איך דערצעהל אייך מעהר נישט. אַז אָט, פֿערשטעהט איהר מיך... מוז מען דאָך אַ יום־טוב אַ ביסיל זיך משונע מאַכען!...

דעם פורים האָט ער אויך צונויפֿגערופֿען צו זיך זיינע געסט, אויך אַזעלכע ביטערע הערצער ווי ער, און מען האָט זיך געזעצט צו דער סעודה. און עס איז טאַקי געוועזען פֿרעהליך, מען האָט פֿערגעסען דאָס גאַנצע שווערע לעבען. עס האָבען געלאַכט די גרויסע, עס האָבען געלאַכט די קליינע; אַפֿילו די בלינדע מאַמע, וואָס זיצט שטענדיג איבער אַ זאָק און וויינט, האָט אויך געלאַכט און געזאָגט וויטצען, ווייל זי איז זעהר אַ קלוגע יודענע. עס איז געוועזען אַ פֿערגעניגען, „איין אמת'ר יודישער יום־טוב". מען האָט געזונגען יודישע זאַכען, חזנ'ישע שטיקליך. ער אַליין קען עס אויך — ער האָט אַ שטיקיל קול'כיל, אַז שבת אַ מאָל „קלאַפּט ער אָב אַ מוספֿ'ל". נאָר אונטער זיינע געסט זענען געוועזען זיין אַלטער פֿעטער נרשון דער חזן און הלל דער פֿאַרגער — „אַ פּאָר חברה־לייט. וואָס איך זאָג אייך טאַקי, אויף ביליעטען צו געהן הערען זיי"... פלוצלינג...

— ברוך הבא, סקאָציל קומט ! דעם בעל הבית דיענסט !..

וואָס איז, וואָס? דער בעל הבית רופֿט. דער בעל הבית רופֿט! האָט ער איבערגעחזרט מיט איראָניע און אַ הויב געטהון בײדע הענד, — וואָס דאַרף מיך יעצט דער בעל־הבית? איך טאָר גאָר קיין בערוהטע רגע נישט האָבען? אָהן מיר קען ער זיך נאָר אַ מינוט נישט בעגעהן? איך האָב פשוט נישט געוואָלט געהן, וואָס וועל איך געהן?

נאָר ער איז פֿאָרט געגאַנגען, אַלע האָבען געהייסען. זאָל ער הערען, וואָס האָט עס אַזוי אָנגעשפּאַרט. גלאַט האָט די דיענסט פֿערזיכערט, אַז מען וועט איהם נישט לאַנג אָבהאַלטען. זי ווייס עס זיכער. און דער בעל־הבית וואָהנט נישט ווייט פֿון איהם - איבער אַ גאַס „מילא — געגאַנגען".

— קוים אַרויסגעשלעפּט איהם, דעם שררה, — האָט איהם די דיענסט פֿערמסרט פֿאַר'ן בעל־הבית.

— אַוודאי קוים אַרויסגעשלעפּט מיך! — ער איז געוועזען אָנגערוקט.

— נישט קשה, נישט קשה, האָט געזאָגט דער בעל־הבית, — וועסט אין דער היים גאָר נישט אָנווערען.

— און טרעפֿט, אויף וואָס האָט מען מיך געדאַרפֿט? האָט ער געפֿרעגט, ערהעכערענדיג דעם קול, און אַ פּאַטש געטהון אָן טיש — טרעפֿט!

איך טהו איהם דאָס פֿערגעניגען און פּריוו מיך טרעפֿען.

— אין אַ שליחות מסתמא שיקען?

ער האָט אַ קלאַפּ געטהון מיט דער פֿויסט אָן טיש.

— יאָ, נו, ווי געפֿעלט עס אייך אַ ביסיל? איך זאָג אייך... אַ און טרעפֿט, אין וואָס פֿאַר אַ שליחות?

נאָר מעהר טרעפֿען וויל איך נישט און ער דערצעהלט ווייטער.

— איך זאָג אייך... אַ! — ער האָט געדאַרפֿט שיקען שלח־מנות זיין פֿעטער חנה צייטלין, וואָס וואָהנט, איך ווייס וואו, ערגיטץ הינטער אָסטראָג, אין עק וועלט, איבער אַ שעה גאַנג... די דיענסט האָט מורא געהאַט אַליין צו געהן, שיקט מען עס נאָך מיר, איך זאָל געהן מיט איהר!... אַ, איך בין איין אָנגעצונדענער געוואָרען!...

און ער האָט זיך אָבגעזאָגט. ער האָט געטענ'עט, און מיט היטץ, מיט פֿייער, מיט אַ העלישען כעס געטענ'עט, אַז ער האָט זיך ביי זיי נישט געשטעלט אויף בעגלייטען די דיענסט אין שלח־מנות טראָגען; אַז ער איז אויך אַ יוד מיט אַלע יודען צוגלייך און ביי איהם איז אויך יום־טוב; אַז ער וועט נישט פֿערשטערען זיין יום־טוב און נישט איבערלאָזען זיינע געסט אַליין, וואָס איז — וואָס? דער פֿעטער הנה דאַרף בעקומען שלח־מנות. ער האָט אַפֿילו אויסגעשפּייט און געלאָזען זיך צו דער טהיר. נאָר דער בעל־הבית האָט איהם צונערופֿען צוריק. ער האָט זיך אָבגעשטעלט מיט איין זייט אויפֿ'ן שוועל און איין אנגערוקטער געוואַרט, וואָס וועט איהם זאָגען דער בעל־הבית.

— אויב אַזוי, האָט איהם דער בעל־הבית געזאָגט מיט איין איינגעהאַלטענעם כעס, נאָר מען האָט שוין געזעהן, אַז עס קאָכען אין איהם „די טרפֿה'נע דמים", — אויב אַזוי זאָלסט דו מאָרגען נישט קומען אין געשעפֿט, איך דאַרף דיך נישט.

די בעל־הבית'טע האָט איהם גענומען איינרעדען, ער זאָל פֿאָלגען און געהן. נאָר ער האָט זי נישט געהערט.

— איך בין אויך אַ גוט קינד! אַז ביי אייך טראָגט אויס אַזוי דער יושר, איז גוט! האָב איך געזאָגט, טאָ לאָס איך בעסער אָנווערען די שטעלע. וואָס דען האָב איך געזאָלט זאָגען, הא? נישט אַזוי, וואָס? און איך בין אוועקגעגאַנגען. איך קען אייך זאָגען, עס האָט מיך גערירט, ווי די וואַנד, אָהן דער שטעלע, ווי מיט דער שטעלע, זאָל ער זיך שלאָגען מיט איהר קאָפּ אָן דער וואַנד. נאָר געוואַלד, ווי נעמט זיך דאָס אַזאַ יושר ביי לייטען! אַז איך וויל נישט פֿערשטערען מיין יום־טוב און שלעפּען זיך מיט דער דיענסט אונטער די הרי חשך, דאַרף איך דערפֿאַר אָנווערען די שטעלע! נור איך זאָג דאָך אייך... גאָר נישט, דרעה זיך איבער מיט דער שטעלע צוזאַמען... עס האָט מיך נישט אָנגעהויבען צו פֿערדריסען. און אין דער היים אויך די זעלבע מעשה. מען האָט זיך גוט אויסגעשפּייט און גאָר נישט, נאָר ביי אַלעמען האָט זיך עפּיס אויפֿ'ן מוח נישט געלעגט: געוואַלד, אַז איך וויל נישט געהן, דאַרף איך דערפֿאַר אָנווערען די שטעלע!...

נאָר מען האָט געזונגען, געטאַנצט, געמאַכט זיך פֿרעהליך, און ווען מען האָט זיך געפֿיהלט אַביסיל נישט נאָר יום־טוב'דיג, איז עס

נור טאקי דערפאר, וואס מען האט געפיהלט: „געוואלד, ווי מען איז ביי יעדעם „איך ווייס נישט וואס" אין גלות; ווי פאר די פאר רובעליעס געהאלט, וועלכע קומען נאך אן מיט דעם גרינגעם שווייס, דארף מען זיין איין עבד כנעני". עטליכע מאל האט ער זיך געטראפען מיט דעם ווייב'ס אומעדיגע בליקען. „א יודענע, זעהט איהר!" זי האט זיך, דאכט זיך, גאר געבריה'עט און געשריען. אז זי וואלט זיי דארטען נאך אנגעשפייט א פולע צורה און דאך האט דער געדאנק, אז ער בלייבט אהן א שטעלע נישט געלאזען זי רוהען.

— וואס, וואס קוקסט דו עפים אזוי? האט ער איהר געזאגט. האסט מורא איך וועל אומגעהן אהן א שטעלע? גיעה, בהמה, מיר וועלען פון הונגער נישט שטארבען, נישט קשה, עס איז א נייעס, הייסט עס, איז עס, הע, הע, הע!

דאך זענען זיי יענע נאכט נישט אזוי גיך איינגעשלאפען. דאס ווייב האט זיך אומגעדרעהט פון איין זייט אויף דער אנדערער און גע־קרעכצט; און איהם האט זיך אויך נישט געשלאפען. אליין: „סטייטש און סטייטש!"... נאר ער האט ניט געקרעכצט.

— וואס שלאפסט נישט, האשע?

— אה... גאר נישט!

— ליעגסט אודאי מיט אפענע אויגען.

— זי שווייגט.

— הא?

— ניין, ניין, האט זי בייז אבגעענטפערט, — שלאף, וואס ארט דיך! זי מיינט, ער פערשטעהט נישט. אהא, ער פערשטעהט איהר אומ־ווארפען און אומדרעהען זיך. א יודענע! באלד עפעס לאזט זי אראב די נאז. איהר ווערט אויך אביסיל נישט געשמאק אויפ'ן הארצען. ער האט שיער, שיער אליין נישט אבגעקרעכצט. נאר ער האט זיך איינגעהאלטען.

— גיעה, בייזט א נאר, קעהר דיך איבער אויפ'ן רעכטען זייט און ווער איינשלאפען.

ער האט עס אליין אויך געטהון און נאך אריבערגעצויגען איבער זיך די קאלדרע.

אויף מארגען האט מ'ן זיך געפיהלט זעהר „נישט יפה־דיג". „איך ווייס, עפעס נישט געוועהנט גלאט אזוי אין א וואכענדיגען טאג זיטצען אין דער היים", ערקלערט ער די „נישט יפה־דיגקייט". און ווידער האט מען געווארט, אז מען וועט איהם קומען רופען אין קראם. עס האט זיך אזוי געדאכט. גאר דער טאג איז אריבער און פון בעל־הבית איז מען נישט געקומען, און ער פון זיין זייט איז אויך נישט געגאנגען בעטען זיך.

— איך בין נישט פון די מענשען, זאגט ער מיט גאוה. — איך האב פיינד צו בעטען זיך. דארפסט דו מיך נישט, דארף איך דיך נישט. זענען מיר קיין פאר נישט, איז אוים שדוך, גאר נישט! בעטען זיך? פע!..

נאר דאס ווייב האט נישט אויסגעהאלטען און אויפ'ן צווייטען טאג איז זי אוועק אין קראם. ער האט איהר נישט געהייסען, נאר זי האט איהם נישט געפאלגט. אין קראם איז שוין געוועזען א מיידיל. און, דאכט זיך, נישט דא שוין מעהר וואס צו רעדען? נאר דאס ווייב האט זיך נישט געקאנט איינהאלטען און צווויינט זיך: „סטייטש, סטייטש! ערב פסח אבזאגען, פאר וואס? פאר ווען?" נאטירליך, האט עס נישט געהאלפען. זי האט זיך מעהר נישט מאוס געמאכט. אהיים איז זי געקומען א בייזע, האט גאר פערגעסען, אז פורים ביי דער נאכט האט זי איהם געגעבען געדעכט, און ארויסגעווארפען זיך אויף איהם מיט ביטערע קללות.

— די פיס וואלטען איהם גאר אבנעמען, ווען ער וואלט געהן מיט דער דיענסט! האט זי געשריגען. — א שמחה איז אויף איהם אנ־געפאלען, הולינקען האט זיך איהם געוואלט...

עס האט זיך איהם אליין שוין געדאכט אז ער האט געטהון איין עולה.

נעכטען האט מען געהאפט דאס נייע מיידיל נאשענדיג. קאצמאן האט פיינד אזא סחורה און געגעבען איהר גלייך „א פוהר מיט א גלעקיל". דאס ווייב איז באלד צוגעשטאנען: גיעה, בעט זיך!

— מיינט איהר, איך וואלט געהן? איך אליין וואלט בשום אופן נישט געהן, אסור חזיר. איך האב פיינד צו בעטען זיך. נאר גאר נישט... דאס ווייב איז צוגעשטאנען: „געה און געה", בין איך געגאנגען. זאל מיינע אריבערגעהן! אי, איך האב דאך געוואוסט, אז עס איז איין עבירה מיין טרחה? איך קען דאך דעם קאצמאנ'דעל, דעם כהן, דאס פערקאכטע הארץ?!.. נאר גאר נישט. זי וויל, איך זאל געהן, געה איך. נאר וואס האב איך אויסגעפיהרט? גאר נישט? איהר האט דאך געזעהן. מעהר נישט מאוס געמאכט זיך. עט!

ער איז געבליבען זיטצען מיט איין האנד אנגעשפארט אן טיש, מיט דער אנדערער אן קניע, און דעם קאפ אראבגעלאזען, אנגעבויגט אן א זייט.

— טרינקט אייער ביער, רייס איך איבער זיינע מחשבות.

ער האט זיך אויסגעדרעהט מיט א קרעכץ צום ביער און אבגע־טרונקען א ביסיל.

— אזוי איז עס, הא? יעצט דארף מען פרובען א שיק טהון דאס ווייב, זי זאל זיך דורכרעדען מיט דער בעל הבית'טע. די בעל הבית'טע איז פארט מעהר מענש פאר'ן בעל הבית. ווייס איך, אפשר וועט עס העלפען...

— און מיינט איהר, מיר ווילט זיך יעצט שטארק אנקומען צו איהם? א האר אויך נישט. נאר ווייל ערב יום טוב... אז נישט, אסור, אויב איך וואלט צו איהם געהן, פאר קיין געלד נישט.

— וואס דען וואלט איהר געטהון?

— וואס? א דאנה וואס! עס איז מיר דען דאס ערשטע מאל אויף מיין לעבען? אט גאר נישט, מען מוטשעט זיך איבער א ביסיל און מען געפינט א שטעלע. און מיינט איהר, אז ער וועט מיך איצטער נישט נעמען, לעגט זיך שוין דער הימעל אויף דר'ערד? עט! אט הויבען זיך אן די „פאדריאדען", ווער איך גאר א מצה־זעטצער. און אז נישט, בין גאר א סארווער אויף חתונות. איהר מיינט דר'אמת'ן, איך בין שוין ביי מיר אראבגעפאלען? איך קען אייך זאגען, א האר אויך נישט. איך גיב איהר מעהר נישט נאך. און גלאט א שטעלע, ווי זאגט מען דאס, פארט א שטענדיגע זאך. אפילו משטיינס געזאגט, די גליקען, וואס מען חאפט שוין ביי קאצמאנ'ען, נאר גאר נישט... א שטעלע! מילא, איך וועל מיך פרובען א שיק טה'ן דאס ווייב.

ער האט אויסגעטרונקען דעם רעשט ביער און איז אויפגעשטאנען פון ארט.

ביים צושיידען זיך האב איך איהם געפרעגט, ווי רופט מען איהם.

— ווי רופט מען מיך? האט ער געזאגט מיט א שמייכעל, — איהר האט געהערט אין שטאדט אברהם'ל דער טוידטער? דאס בין איך, הי־י־י!

איך האב דעם נאמען נישט געהערט, נאר מיר האט זיך געדאכט, אז איך האב געדארפט טרעפען זיין נאמען. דער טוידטער! דער טוידטער, וואס לעבט אייביג, האב איך גלייך געמאכט א פירוש.

ער האט אויף מיר געקוקט מיט זיין שמייכעל און איז געוועזען א פנים צופריעדען מיט דעם איינדרוק, וואס זיין נאמען האט אויף מיר געמאכט.

# פאליטישע איבערזיכט.

די ענגלישע טראנרעדע. — די מלחמה אין טראנסוואל. — די לאגע אין חינא. — רוסלאנד און די פעראייניגטע שטאטען. — פראטעסטען געגען דעם אבצאהל אין געטריידע. — געהיימע חברות אין מאקעדאניען. —

ביים עפענען דעם ענגלישען פארלאמענט האט דער נייער ענגלישער קעניג פארגעלייענט זיין טראנרעדע, אין וועלכער ער האט בעריהרט די איצטיגע פאליטישע פראגען. דער וויכטיגסטער פונקט אין זיין רעדע בעציהט זיך אויף טראנסוואל. דא האט מען געווארט צו הערען וועגען א פערענדערונג אין ענגלאנדס פאליטיק, אבער אנשטאט דעם, האט דער קעניג נור אויסגעדריקט זיין הסכם מיט דעם מיניסטעריום און מיט דער יעהרדיגער פאליטיק. דער קעניג האט מיט צופרידענהייט מודיע געוועזען, דאס מען האט איצט ווידער אוועקגעשיקט קיין אפריקא נייע מיליטער און 30,000 פערד און האט אויסגעדריקט זיין האפנונג, אז איצט וועט שוין זיך איינגעבען צו מאכען א סוף פון דעם אומזיסטיגען בלוטפערגיסען.—דיזעלבע האפענונגען האבען מיר שוין ניט איין מאל געהערט אין ענגלישען פארלאמענט און דאך זענען די ענגלענדער נאך גאנץ ווייט פון דער ערפילונג פון דער דאזיגער האפנונג. דער בוירעשער גענעראל באטהא האט ערשט היינטיגע וואך אבגעהאלטען א נצחון איבער איין אבטהיילונג פון ענגלישען חיל; דער בוירשער גענעראל דעוועט, וואס איז שוין געהאט געוועזען ארומגערינגעלט דורך די ענגלענדער, איז פון אונטער זייערע הענד ארויסגעקראכען מיט זיין גאנצען חיל. קיטשענער, דער ענגלישער הויפטקאמאנדיר, איז אליין געקומען פון טראנסוואל קיין קאפלאנד זיך נאכצויאגען נאך די בויערען, אבער ער איז ניט גליקליכער פאר די אנדערע ענגלישע קאמאנדירען. קריוגער האט שוין אנגעווארען יעדע האפענונג אויף הילף פון אייראפא און געבויגען פון יאהרען און צרות קוקט ער ווי עס געהען אלץ מעהר אויס די כחות פון זיין רעפובליק, וועלכע האט נאך מיט אנדערהאלב יאהר צוריק שטאלצירט מיט איהר פרייהייט און זעלבסטשטענדיגקייט. די בויערען אבער אין אפריקא זענען צו פיעל פערביטערט, זיי זאלען איצט אוועקלייגען דאס געוועהר, זיי זענען אויך גרייט ווייטער צו פיהרען די מלחמה, האטש עס איז שוין לאנג אויסגעלאשען געווארען פאר זיי דער לעצטער שטראהל פון האפנונג.

זייער אומגליקליכע לאגע האבען די בויערען צו פערדאנקען דייטשלאנד. ווען ניט דער קייזער ווילהעלם, וואס האט זיך גלייך אין אנהויב מלחמה געשטעלט אויף ענגלאנדס זייט, וואלט אייראפא געוויס ניט צוגעלאזען די ענגלענדער אין גאנצען אויסצוראטען די טראנסוואלישע און אראנישע רעפובליק. די פריינדשאפט צווישען דעם דייטשען קייזער און ענגלאנד איז פאר רוסלאנד און פראנקרייך ווי א דארן אין אויג. רוסלאנד איז אלע מאל געוועזען געגען די פערשטארקונג פון ענגלאנד און פראנקרייך קען געוויס אויך ניט וועלען די פערשטארקונג פון דייטשלאנד. זייער אונצופרידענהייט געגען דייטשלאנד ווייזען איצט רוסלאנד און פראנקרייך ארויס ביי יעדע געלעגענהייט. אין חינא האבען די רוסען און פראנצויזען כמעט אין גאנצען זיך אבגעטהיילט פון די דייטשען, און וואלדערזעע, וועלכער איז געווארען דער אויבערהארר איבער אלע חילות אין חינא נאך דעם הסכם פון אלע פעראייניגטע מלוכות, איז איצט געבליבען נור גענעראל איבער די דייטשע סאלדאטען, דער אמעריקאנישער חיל האלט צוזאמען מיט די רוסען און פראנצויזען, ווייל אין אמעריקא איז מען איבערהויפט ניט צופרידען מיט דייטשלאנדס פאליטיק אין חינא און מיט איהר פערלאנג, וואס! מעהר צו פערלייגערען די מלחמה.

די פערהאנדלונגען וועגען שלום מיט חינא געהען זעהר פאמעליך. דערווייל האט מען נור אויסגעפיהרט איין פונקט פון אלע תנאים,— וועגען בעשטראפען די שולדיגע אין די רציחות געגען די פרעמדע מען איז געקומען צו א פשרה: די בעשולדיגטע פרינצען וועלען ארויסגעטריבען ווערען פון חינא און די איבריגע הויפטשולדיגע וועלען געטויט ווערען. צו די איבריגע פונקטען איז מען נאך גאר ניט געקומען, און עס קען קיין ספק ניט זיין, אז די ויכוחים איבער די איבריגע פונקטען וועלען נאך זעהר פיעל צייט געדויערען, ווייל די חינעזישע רעגירונג ווארט אליין אויף די צייט, ווען די מלוכות וועלען זיך איינע מיט דער אנדערער צוקריגען, כדי דאן אויסצודינגען פאר זיך א גרינגערען שלום. וואלדערזעע וויל איינשרעקען די רעגירונג און ווייטער אנהויבען מלחמה צו פיהרען, אבער רוסלאנד, פראנקרייך און אמעריקא ווילען איהם מעהר זייער חיל ניט געבען.

די מלחמה אין חינא, אין וועלכער די רוסען און פראנצויזען זענען געגאנגען האנד אין האנד, האט זיי אויך מעהר בעפריינדעט מיט די פעראייניגטע שטאטען פון אמעריקא. עס ווערט איצט אלץ מעהר גערעדט וועגען א פעראייניגונג צווישען רוסלאנד, פראנקרייך און דער אמעריקאנישער רעפובליק, כדי דורך דעם צו שאפען א געגענקראפט געגען דעם בונד צווישען דייטשלאנד און ענגלאנד. בעת עס ווערט אבער גערעדט וועגען דער גרויסער פריינדשאפט צווישען רוסלאנד און די פעראייניגטע שטאטען, האבען די פעראייניגטע שטאטען געפונען פאר נייטהיג צו הערכערען דעם אבצאהל אויף רוסישען צוקער. דער רוסישער פינאנץ־מיניסטער האט אויך פון זיין זייט אויסגעדריקט די פריינדליכע געפיהלען פון רוסלאנד צו אמעריקא און האט צוגלייך מודיע געוועזען, דאס ער מוז צו זיין בעדויערען העכערען דעם אבצאהל אויף אמעריקאנישע אייזען און שטאהל. אזא איידעלע מלחמה צווישען גוטע פריינד און מיט ווערטער פול ליעבע און פריינדשאפט איז געוויס ביז דעם צוואנציגסטען יאהרהונדערט קיין מאל ניט געוועזען.

די האנדעלס־מלחמה צווישען די מלוכות איז א קלארער סימן אויף די פיעל שארפערע מלחמה, וואס וועט ארויסטרעטען אין די אבצאהלונגען פון רוסלאנד און דייטשלאנד, ווען עס וועט נור אנגענומען ווערען דאס געזעץ צו העכערען דעם אבצאהל אויף רוסישע געטריידע. די פראטעסטען אין דייטשלאנד געגען דעם אבצאהל ווערען פון טאג צו טאג אלץ העכער. עס פראטעסטירען אומעטום די ארבייטער, סוחרים, פאבריקאנטען, עס פראטעסטירען אויך גאנצע שטעדט, ווי צום ביישפיעל דער מאגיסטראט פון ברעסלוי. אין רוסלאנד זאגט מען גאנץ קלאר, אז אויב דייטשלאנד וועט העכערען די אבצאהלונגען אויף געטריידע, וועט רוסלאנד העכערען די אבצאהלונגען אויף דייטשע פאבריקאציאנען.

פראנקרייך פערהאלט זיך גלייך מיט רוסלאנד צו אלע פאליטישע פראגען אין אייראפא, און זייער איצטיגע ביידענס ארויסטרעטען אין די באלקאנישע מלוכות האט געמאכט א גרויסען רושם. דאס לאנד מאקעדאניען, וואס בעשטעהט דאס רוב פון סלאווישע איינוואהנער — פון באלגארען — איז נאך דעם בערלינער קאנגרעס געבליבען אין די הענד פון טערקיי. די באלגארען אבער האבען זיך ניט אבגעזאגט פון דער

האָפענונג צו פֿעראייניגען מיט דער צייט מאַקעדאָניען מיט זייער מלוכה. צו דעם צוועק איז געגרינדעט געוואָרען אין באָלגאַריען אַ מאַקעדאָנישער קאָמיטעט, צו וועלכעם עס האָבען געהערט די גרעסטע מענשען פֿון לאַנד. דער קאָמיטעט האָט וואָס ווייטער אַלץ מעהר פֿערגרעסערט זיין אַרבייטס־פֿעלד, מיטגליעדער האָט דער קאָמיטעט געהאַט אי אין באָלגאַריען אי אין מאַקעדאָניען. דער קאָמיטעט האָט געאַרבעט געהיים, ער פֿלעגט אַרויפֿלעגען קאָנטריבוציעס אויף אַלע רייכע סוחרים, וועלכע האָבען גע־מוזט נאָך דער פֿאָדערונג פֿון קאָמיטעט געבען געלד. פֿלעגט ווער זיך אָבזאָגען אַריינצוטראָגען אין די נאַציאָנאַלע קאַסע דאָס געלד, פֿלעגט מען איהם אין געהיימען קאָמיטעט פֿערמשפט׳ען, עס פֿלעגט ניט לאַנג געדויערען און מען פֿלעגט דעם מענשען געפֿינען אַ דערהרגעטען אין גאַס אָדער מען פֿלעגט זיין הויז פֿערברענען. די הכנסה פֿון קאָמיטעט האָט די לעצטע צייט דערגרייכט 400,000 פֿראַנק יעהרליך, פֿאַר דעם געלד פֿלעגט מען קויפֿען געוועהר, פֿערד און צוטהיילען זיי צווישען די באָלגאַרען פֿון מאַקעדאָניען. די אַרבייט פֿון קאָמיטעט האָט די לעצטע יאָהרען שוין אויפֿגעהערט צו זיין אַ סוד, די באָלגאַרישע רעגירונג האָט דעם קאָמיטעט אונטערשטיצט, און די טערקישע רעגירונג האָט מורא געהאַט צו רודפ׳ן די מיטגליעדער פֿון קאָמיטעט, כדי אויסצומיידען איין אָפֿענעם בונט. זי האָט נור אַלץ פֿערגרעסערט איהר חיל אין מאַקעדאָניען, כּדי צו זיין גרייט צו יעדער סכנה. די אייראָפּעאישע מלוכות, וועלכע האָבען גאַראַנ־טירט פֿאַר דעם שלום אויף די באַלקאַנען, האָבען זיך געמאַכט ניט זעהענדיג און ניט הערענדיג פֿון דער גאַנצער נאַציאָנאַלער בעוועגונג אין מאַקעדאָניען. די קנאה אָבער צווישען רומעניען און באָלגאַריען און די פֿיינדשאַפֿט, וואָס איז די לעצטע צייט אַרויסגעטרעטען צווישען זיי צוליעב דעם מאַקעדאָנישען קאָמיטעט, האָט געצוואונגען רוסלאַנד און פֿראַנקרייך שאַרף אַרויסצוטרעטען נעגען דער מאַקעדאָנישער בעוועגונג. דער רוסישער געזאַנדטער אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל האָט אויפֿגעוויזען דער רעגירונג אויף די געפֿאַהר, וועלכע עס קען פֿאַר איהר אַרויסקומען פֿון דעם מאַקעדאָ־נישען קאָמיטעט. פֿון דער געפֿאַהר האָט טערקיי געוויס אויך פֿריהער געוואוסט, נאָר די רוסישע אזהרה וועט איהר געבען די מעגליכקייט איצט מעהר זיכערהייט און מיט מעהר ענערגיע צו דערשטיקען די באָלגאַרישע בעוועגונג אין מאַקעדאָניען.

י. ל.

---

## די יודישע וועלט.

**רוסלאַנד.** — אין מיניסטעריום פֿון ערדאַרבייט ווערט איצט בעקלערט די פֿאָרשטעלונג פֿון פֿערוואַלטער פֿון די שטאַאטסגיטער אין חערסאָנער גוב׳ אַז מען זאָל אַסיגנירען די יודישע קאָלאָניסטען פֿון דער גובערניע 47,000 ר׳ אויף אויסהאַלטונג, בעהייצונג, זריעה און עסען פֿאַר די בהמות.

— אין אַ ביטערער לאַגע געפֿינען זיך די יודישע קאָלאָניסטען אין דרום־פּאָדאָליען. אין באַלטער אויעזד זענען דאָ 10 קאָלאָניעס מיט אַ בעפֿעל־קערונג פֿון 631 פֿאַמיליעס אָדער 3074 נפשות. די אַלע משפחות פֿערמאָגען נישט מעהר ווי 1308 דעסיאַטין ערד, און אַ טהייל פֿון זיי מוזען דערום זוכען פרנסה אין דער פֿרעמד. צווישען די איינוואָהנער פֿון די קאָלאָניעס געפֿינען זיך 122 פּראָסטע אַרבייטער, 80 פֿוהרמאַנעס, 238 בעלי־מלאכה, 337 קליינע הענד־לער, 9 קליינע פֿאַבריקאַנטען און 52 האָבען פֿערשיעדענע אַנדערע פּראָפֿעסיאָנען.

איצט וועגען דעם נישט געוועהנליכע לײַדען פֿיעל פֿון די קאָלאָניסטען הונגער און קענען נישט קריעגען קיין שום אַרבייט אין דער פֿרעמד.

— אין די הייזער, וועלכע זענען געבויעט געוואָרען אין ווילנאַ דורך דער פּעטערבורגער אַקציען־געזעלשאַפֿט, איז איינגעריכטעט געוואָרען אַ פּריוט פֿאַר קליינע קינדער, וועלכע בלייבען אָהן השגחה, בשעת די עלטערן געהען אוועק אויף דער אַרבייט. די קינדער זיצען כמעט דעם גאַנצען טאָג אין פּריוט און שפּיעלען זיך אונטער אויפֿזיכט פֿון אַ פֿרוי. עס איז אויך געגרינדעט גע־וואָרען אין ווילנאַ אַ פֿעריין פֿון מיידליך, וועלכע האָבען גענומען אויף זיך די חרטה אָבצוהיטען די קינדער יערע אַ געוויסע צייט. צו מאַכען פֿאַר זיי פֿער־שיעדענע פֿערוויילונגען און צו לערנען זיי האַנדאַרבייט. די קינדער בעקומען אין פּריוט עסען: פֿלייש, זופּ און ברויט — פֿאַר 3 קאָפּ׳ אַ טאָג. אַ דאָקטאָר בעזוכט אומזיסט דעם פּריוט. מען קלערט אויך צו מאַכען אַ גאָרטען נעבען פּריוט צום שפּיעלען.

— ווייל עס הויבט זיך אָן די צייט פֿון די קיעווער קאָנטראַקטען ברענגען די צייטונגען די ערקלערונג פֿון קיעווער גובערנסקע פּראַוולעניע, אַז צור צייט פֿון די יריד׳ען מעגען יודען קומען אין קיעוו צו האַנדלען דעטאַיל און אַנגראָ.

*

**אזיען.** — ציוניזם אין מאַנילאַ (אויף די פֿיליפּינאַינזעלן אין אזיען). דעם 4 אָקטאָבער 1900 איז אין מאַנילאַ געוועזען אַ פֿערזאַמלונג פֿון די יודען, וועלכע וואָהנען אויפ׳ן אָרט און פֿון יודישע סאָלדאַטען און דאָקטוירים פֿון דער אַמעריקאַנישער אַרמעע, כדי צו גרינדען אַ ציוניסטישע חברה. די גרינ־דונג פֿון דער חברה איז צו דאַנקען אַ דרשה, וועלכע איז געהאַלטען געוואָרען יום־כפור, בשעת די יודישע סאָלדאַטען. וועלכע דיענען אין פֿעריניעדענע טהיילען פֿון די פֿיליפּינאַינזעלן האָבען זיך צוזאַמענגעקליובען, כדי צו פֿייערען דעם הייליגען טאָג. די חברה האָט שוין 48 מיטגליעדער און די אָנפֿיהרערס פֿון איהר זענען כמעט אַלע דאָקטוירים אָדער סטודענטען פֿון מעדיצין. די חברה פֿערלאַנגט איצט אַז מען זאָל איהר אַריינגעמען אין דער אַלגעמיינער פֿערבינדונג פֿון די אַמעריקאַנישע ציוניסטען. עס איז צו בעמערקען אַז די חברה אין מאַנילאַ איז געגרינדעט געוואָרען פֿון אייגענעם ווילען.

---

## אַלגעמיינע וועלט נייעס.

**פֿראַנקרייך.** — אין פֿראַנקרייך האָט מען איינגעטראָגען אין האַנדעלס־מיניסטעריום אַ פּראָיעקט, אַז אין אַלע פּאָסטען, וואו עס דרעהען זיך דורך טויזענדער מענשען, זאָל מען היטען די דאָזיגע רעגעלען, כדי צו פֿערהיטען דאָס פֿערברייטערן פֿון שווינדזוכט:

1) אומעטום אין די פּאָסטען זאָלען שטעהען אין די קאָרידאָרען אין אויף די טרעפּען שפּייקעסטליך דיכט איינע נעבען די אַנדערע אויף 1 מעטער הויך פֿון דער ערד אָנגעפֿולט מיט וואַסער, נישט מיט זאַמד.

2) די פּאָדלאָגעס זאָלען זיין געפֿאַרבט מיט אָהל פֿאַרב און ווערען גע־וואַשען, נישט מיט באַרשטען, נאָר מיט נאַסע טיכער.

3) אין די עפֿענונגען פֿון די טעלעפֿאָנען, וואו מען רעדט. זאָלען ווערען אַריינגעלעגט אַלעמאָל פֿרישע פּאַפּיר פֿאַר דעם פּובליקום.

*

**ענגלאַנד.** — אין ליווערפּול איז דורך דעם טעלעפֿאָן געוועזען איין אומגליק, אויף די טעלעפֿאָנדראָטהען איז אָבענד דעם 4־טען פֿעברואַר אָנגעפֿאַ־לען אַזוי פֿיעל שניי אַז ער האָט מיט זיין געוויכט איבערגעריסען די דראָטהען וועלכע זענען אַראָבגעפֿאַלען אויף מענשען, וואָס זענען געגאַנגען אויף די טראָטואַרען. דאַביי איז געוועזען נאָך איין אומגליק, דאָס די אַראָבגעפֿאַלענע דראָטהען האָבען אָנגעריהרט די דראָטהען פֿון דעם עלעקטרישען טראַמוואַי, וועלכע זענען געוועזען געלאָדען מיט עלעקטריציטעט און מזיק געוועזען פֿיעל מענשען. פֿון די דראָטהען האָבען געשפּריצט פֿונקען און אָנגעצונדען ביי איינינע מענשען די קליידער. פֿיעל מענשען האָבען געקריגען אַ שטאַרקען עלעקטרישע שלאָג ווי פֿון אַ בליץ אַז זיי זענען געפֿאַלען אָדער געשפּרונגען אין דער לופֿטען. 2 מענער זענען געטויטעט געוואָרען און 13 פּערזאָנען בעשעדיגט. אויסערדעם זענען דערהרגעט געוואָרען 4 פֿערד.

---

## ליטעראַרישע נייעס.

— אין דעם זשורנאַל „מיר באָזשי" פֿאַר יאַנוואַר מאָנאַט איז געדרוקט אַ גרויסער אַרטיקעל „איבער די ציוניסטישע בעוועגונג אונטער די יודען" פֿון ב. אַרנדט (איין פּסעוודאָנים). דער אַרטיקעל גיט איבער אין קורצען, אָבער קלאָר די געשיכטע פֿון דער ציוניסטישער בעוועגונג, גיט אַ ריכטיגעס בילד פֿון דעם איצטיגען שטאַנד פֿון ציוניזם און מאַכט בעקאַנט די לעזער מיט די יסודות פֿון ציוניזם און מיט די טענות פֿון די געגנער. האָטש דער אַרטיקעל איז געשריבען ניט פֿאַר יודישע לעזער, פֿונדעסטוועגען וואָלט ער געוועזען אויך זעהר ניצליך פֿאַר דאָס יודישע פּובליקום, ווייל ביז איצט האָבען מיר נאָך ניט קיין איינציגע בראָשיורע וואָס זאָל געבען אַזאַ קלאָרעס און גאַנצעס בילד פֿון אונ־זער בעוועגונג, ווי דער אַרטיקעל פֿון הערן ב. אַרנדט.

— עס איז ערשינען דאָס ערשטע העפֿט פֿון אַ נייעם מאָנאַטליכען זשורנאַל „אָסט אונד וועסט". אין איהם נעמען אַנטהייל צווישען אַנדערע די פּראָפֿעסאָרען פֿיליפּזאָהן, לודוויג גייגער, דר. נאָרדוי און אַלפֿרעד נאָסיג. „אָסט אונד וועסט" איז דער ערשטער יודישער זשורנאַל אין דייטשער שפּראַך, וואָס פֿערנעמט זיך מיט דעם איצטיגען לעבען און מיט אַלגעמיינע יודישע פֿראַגען. דער זשורנאַל וועט ערשיינען מיט אילוסטראַציאָנען. די בעלעטריסטיק פֿון ער־שטען העפֿט ענטהאַלט אין איבערזעטצונג די ערצעהלונג פֿון ל. פּרץ „צווישען בערג", וואָס איז געדרוקט געוועזען אין „יוד", נו׳ 41 פֿון פֿערגאַנגענעם יאָהר.

Verlag „Achiasaf". Verantwortlicher Red. M. Berkowicz. — Herausgeber u. Buchdruckerei Josef Fischer Krakau.

## יייש ושפירט של פסח למבינים ולמהדרין.

הזאוואָד מיי"ש של פסח שלי, נוסד בשנת תרכ"ה, זה שלשים וששה שנים, השפירט שלי נודע ומפורסם בטוב טעמה, וריחה, וזך מראי' וביתרון הכשרה, (כי כל הפועלים והעוסקים בהזאוואד המה מאחינו, כשרים ונאמנים, וכל זר לא יבוא אל הבית בלי שומר) כאשר יעידון ויגידון הרבנים הגאונים והצדיקים, הרבנים המו"ץ דק' הוראדנא ואתי"ו ה"ה מרן ברוך מרדכי ליבשיטץ זללה"ה האבד"ק שעדליץ, ה"ה מרן אלי' חיים מייזיל שליט"א האבד"ק לאדז, האדמו"ר ר' גרשון העניך זללה"ה מראדזין, ה"ה מרן יוסף דובער הלוי זללה"ה האבד"ק בריסק, ה"ה מרן חיים הלוי סאליוויצקי שליט"א האבד"ק בריסק ה"ה מרן יצחק אלחנן זללה"ה האבד"ק קאוונא, ה"ה מרן שלמה כהן שליט"א המו"ץ דק"ק ווילנא, כל הקונים יוכלו לקבל היי"ש פסח בקבוקים כגני 1/10 1/20 הין, מהזאוואר שלי מוכן למכירה ישר לידיהם. גם בעלי בתים הקונים לעצמם, יוכלו להשיג ישר מזאוואד שלי, כן נמצא אצלי יי"ש ישן, ומנוקה (אָציש-צינע) הדורשים יפנו אלו ככתובתי:

**Б. Г. ЯФФ.Е, Гродно.**

נאום דובער בהגאוי מוה"ר מרדכי נימפל זללה"ה יפה.

---

**Четвертый всемірный**

**КОНГРЕСЪ СІОНИСТОВЪ**

въ Лондонѣ 1900 г.

**Полный отчетъ**

Цѣна 40 к. съ пересылкой 48 к.

Издательство „Ахіасафъ", Варшава.

---

יצא לאור ונשלח להחותמים

## „הדור" Nr. 9

**וזה תכן עניניו:**

דרך תשובה. — ד"ר ש. ברנפלד.
הבינו — ודברו. — שפ"ר.
השקפה על דברי המדינות.
בארצות המערב. ה' — ש. ב"ד.
ברוסיה. — S.
מאורעות ומעשים.
היהודי הנצחי באגדה ובפואיזיה. II. — י. ל. ברוכוביץ.
אל צפורי. (שיר). — מ. מ. דאליצקי.
הזמיר והשושנה (ספור — עפ"י אָסקאר ווילדע). — ר. ברייניץ.
הדפים האחרונים. (ציור) סוף. — א. ז. ראבינאוויטץ.
רשימות שונות.

תנאי החתימה: באוסטריה-אונגריה: לשנה 14 קראָנען, לחצי שנה 7 קראָנען, לרבע שנה 3,50 קראָנען. ברוסיה: לשנה 6 רו"כ, להצי שנה 3 רו"כ, לרבע שנה 1,50. באשכנז לשנה 12 מארק, באנגליה לשנה 12 שילינג. בשאר ארצות לשנה 17 פרנק. בארץ ישראל לשנה 15 פראַנק.

Nздательство „АХІАСАФЪ", Варшава.

---

## זכרונות לבית דוד

מאת א. ש. פריעדבערג.

(תוצאה חדשה).

הס' הזה כולל בארבעה חלקים גדולים ספורים היסטוריים מתולדות ישראל מן הרבן הבית הראשון עד תקופת הרמבמ"ן וכבר נתפרסם ברבים כאחד הספרים היותר טובים ומועילים בספרותנו. ס' זכרונות לב"ד מצטיין בצחות לשונו, בנועם סגנונו, ומסוגל ביהוד לעורר אהבה וכבוד בלב בני הנעורים לעמנו ולתורתנו, ואלה הם הספורים הבאים בו:

חלק ראשון: 1) פתח דבר, כף הסידים, 2) זר הדפנים, 3) הקוצה, 4) טבעת הקדושין, 5) הכבל והקוץ.

חלק שני: 6) הנעל, 7) הסוגר, 8) האגרת, 9) הכנור, 10) הצלחית, 11) התכריך, 12) שני מכתבים, 13) המאכלת, 14) חותם הנשיא.

חלק שלישי: 15) אות הקלון, 16) התרעלה, 17) הענק, 18) ספר הזכרון.

חלק רביעי: 19) זדון ומשוגה, 20) חליפות ותמורות.

מחיר חלק א' 1.54 ר' ועם פארטא 1.72 ר', מחיר חלק ב' וחלק ד' 1.40 ר' כל אחד וע"פ 1.50 ר', מחיר חלק ג' 1.73 ר' וע"פ 1.91 ר'. עבור כריכה מהודרה יש להוסיף 30 קאפ'.

כתבת אחיאסף:

**Издательство „АХІАСАФЪ", Варшава.**

---

## Изданія Товарищества „АХІАСАФЪ".

| | | |
|---|---|---|
| **Ахадъ-Гаамъ**, | Рабство въ свободѣ, переводъ Н. Василевскаго . . . . . . . . . | |
| — | Подражаніе и асимиляція, переводъ Н. Шейнкина . . . . . . . . . . | |
| — | На пути къ сіонизму, перев. Л-на . Буква и жизнь, Положительное и отрицательное. Цѣна каждой брошюры 10 коп. съ пересылкой . . . . . . | 12 |
| **Лиліенблюмъ М.Л.**, | Пять моментовъ изъ жизни Моисея. Цѣна 35 коп., съ пересылкой . . . . . . . . . . . | 40 |
| **Любарскій Г.А.**, | Палестина, ея настоящее и будущее. Очеркъ положенія современной Палестины и существ. въ ней евр. колоній, цѣна 75 к. съ перес. . . . . | 85 |
| **Нордау М. Д-ръ**, | Докторъ Конъ, трагедія изъ современной жизни, цѣна 60 к. съ перес. | 66 |
| **Членовъ В. Е. Д-ръ**, | Второй конгрессъ сіонистовъ и предшествовавшія ему совѣщанія, цѣна 50 к. съ пересылкой . . . | 58 |
| **Ямпольскій П. А. Д-ръ**, | Вступительная духовная бесѣда о еврействѣ . . . | |
| — | Вторая бесѣда о еврействѣ, Третья бесѣда о еврействѣ, цѣна каждой брошюры 15 коп., съ пересылкой . | 17 |
| **Яффе Л.**, | Записки Давидова дома, по Рекендорфу и Фридбергу, цѣна 35 коп. съ пересылкой . . . . . . . . . . | 40 |